Shloime Schwartz / Schtolener Univers

**שלמה שוואַרץ / שטאָלענער אוניווערס**

**צייכענונג אויפן טאָוול —**

מרים סאָקאָלאָוו-שוואַרץ



**4250 No. Marine Drive Apartment 1922N**
**Chicago, Illinois 60613 U.S.A.**

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל-אביב, רח' ברנר 14

**I. L. Peretz Publishing House**
**14 Brener Str., Tel-Aviv, ISRAEL**

**Printed in Israel 1989 — נדפס בישראל, תשמ״ט**

**נסדר ונדפס בדפוס ״שמגר 1986״**

## טאָג און שטאָט

— — — און דער וואָס צעעפנט
די מיזרח־טיר
פון מײַן טאָג
און מײַן שטאָט
ווישט אָפּ די נאַכט און טוי
פון מײַנע אויגן
מיט אַ גוט־מאָרגן
דער קיינמאָל־שלאָפנדיקער
מיט זײַן סוד
אויף מײַן שוועל.

זײַן ווידערקול
באַפעלט, באַפרײַט
די שוואַרצע נאַכט
פון איר שטומקייט
נאָך איידער די שטראַלן
קערן זיך אום
צוריק
אין מײַנע האָר.
אַז אויפגעוועקטער
גיי איך די שוועל אַריבער
ווי געלערנט
דו האָסט מיך
אין די אַלע אינדערפריִען.

כ'האָב ליב דײַן טאָג
אין מײַן שטאָט
ווען די שטילקייט שלאָפט ניט מער;
און אויף די בלויע שפּיצן
פון די מויערן
אָטעמען די הימלען
מיט דײַן אייביקן געררויש
און פייגלען אויף צווײַגן
באַזינגען דײַן גאָב
און מענטשלעכע באַגערן
געפילדער און וואָג
פון מײַן טאָג
אין מײַן שטאָט.

מײַן טאָג בליצט מיט ליכט,
מיט צוזאָג, מיט גייערס
און רײַסן זיך צו דיר
דו, גאָט,
אין מײַן שטאָט
מיט אַ ליבשאַפט וואָס פאַרזיסט
דעם ברויט
פון מײַן טאָג
אין מײַן שטאָט.

1988, שיקאַגאָ

## שאָטנדיקע געטער

ברענגסט מיר וואַרעמקייט
כ׳זאָל חלומען
אין אַ לאָרבערקראַנץ און שטערן.
ביימער אויף מײַן גאַס,
שאָטנדיקע געטער
אויפֿן שאַרפֿן ראַנד פֿון בלויען מאָרגן
לײַבלעכע ברידער
אָן ליבע.

שעהען און שאָטנס
פּיטערן זיך פֿון וואַנט צו וואַנט
טשיקאַווע
אין די שמאָלע שפּאַלטן
פֿון די בולוואַרן
גרענעצלאָז, מײַלנווײַט
אין ברייטע שפּיגלען
און שויבן.

ווען די לבנה צעגאָלדיקט
איר פֿײַערדיקן שמייכל
און שטערן לויפֿן איר נאָך
אויסצוזויגן
די ליכטיקייט פֿון אירע פֿינגער,
קומט ערבֿ־טאָג

און פלעכט אין מײַנע האָר
די יונגשאַפּט פון יענע מיידלעך
אין מײַנע קינדערשע יאָרן
הער זייער שטילן געזאַנג
אין די טורעמס פון מײַן שטאָט —

אַזוי זינגען די פאַרגאַנגענע
אָבער ניט פאַרגעסענע.

1986

## אין די פּאַרטאָגיקע שויבן

1

ניט אַלע זייגערלעך מיינע
וועקן מיך
ווען געשטאַלטיקע ליכטיקייט
שווימט אַריַין
אין די פּאַרטאָגיקע שויבן:
בלויז
דער פויגל מיט זיַין שיינער רויטער
ברוסט
אויף זיַין צוויַיגיקער האַרף
ווי אַ רעגנבויגן
וועקט מיך
אין די הויכע קאָנדאָמיניומס.

דער אָפּגעדרייטער קראַן —
געלער פּאָרצעלייענער אָפּגאָס
רינט מיט אַ לאַכנדיקן וואַסער
צווישן מיַינע פינגער
און וואָרנט מיך
קעגן אַלע געטער
פון שטאָלענעם טאָג
וואָס נערן מיך מיט אַלאַרמען
און מורא
אין נעפּלדיקע רעמלעך
אין מילכיקער גלאָז
צווישן רגעס און טעג
וואָס שלינגט פּעפּסי־קאָלאַ
און ווילדע לידער.

שטייסט אויג אויף אויג,
פּנים אל פּנים,
מיט זיך אין שפּיגל
שעהען ווײַט פון קרומען שמייכל
איצט באַהעפט מיט דעם טאָג
נאָענט צום האַרצן
מיט טאָוולען אונטערן אָרעם,
בלעטערדיקע לוחות מיט באַפליגלטע שורות —
די וואָכעדיקייט פאַרטרײַבן.

**2**

דורך אַלע צווײַגן
קומט דער טאָג
מיט שטיקלעך פלאַמיקע שטראַלן
אין די אויגן:
קריך אַרויף צום העכסטן עטאַזש
און פליק זיי אַראָפּ
ווי מטבעות פון בראָנדז
אין דײַנע דלאָניעס
און טראָג זיי אַראָפּ
ווי אַן אָפּצאָל
צו די פאַלשע משיחים
פאַר דײַנע טעגלעכע זיסע עברות
איידער זיי גייען פאַרצוקן
אַלע חלומות
און בלײַבן אין זייערע אײַזערנע טורעמס.

אין וואַרעמקייט פון מײַן האַרץ —
אין די זיבן איילן
אונטער שטאָטישן שטויב
בלײַב מיט מיר, דו,
מיט דעם ליכט פון דײַן לײַב
און מיט דער וואַרעמקייט פון דײַנע קישנס.
אָטעמסט
און שעפּטשעסט
אין די אָרעמס פון מײַנע שורות
די וווּנדער־צייכנס
וואָס ווערן רעדעוודיק
אויף די באַפּליגלטע קאָלאָנאַדעס,
אויף די זון־צעקושטע שטיינער
וואָס גלאַנצן ווי קרוינען
אין די ווינקלען פון מײַן שטאָט.

קעגן מאָרגן איז אַלץ איבעריק:
דער חלום,
די פויגלשע לידער,
אויפגעוואַכטקייט און נסיונות —
די וואַרעמע רייד
פון די יונגע קינדישע מיידלעך.

3

שטאָט פון מיליאָנען אויגן!
וויפל בליקן מײַנע פאַרבלײַבן בײַ דײַנע ברעגן,
שטאָט, דו, צעוואַקסענער ספּעקטאַקל און מזבח
מיט פאַנטאַסטישע פענצטער,
ווער קען זיך צו דיר פאַרגלײַכן?
אַ לעבעדיקער אין דיר פאַרפאַלג איך דיך
מיט לידער, מיט ווערטער, מיט ציטער, מיט ליבע,
בלוימאַנטיקדיק מיט סטראָפן
ווען איך קלײַב די גאָלדענע מטבעות דײַנע
אין קופּערנעם פאַראַד פון שטויביקע שדים.

ווערסט מיר ליבער אַן דײַן פאַרמעגן
יעדן אינדערפרי
ווען מיר לויפלען צוזאַמען
אין די הויכע גראָזן
צווישן גרין־געלע אַרענעס
אין לויטערן באַגינען
מיט דײַן ווידערקול דורך בריקן און בולוואַרן,
בלענדיקער
און פאַרעקשנט ווי די שטראָמען פון לייק מישיגען...
שענער מיט דײַן רעגנבויגן
און מיט דײַנע מאַרמאָרנע רעקלאַמעס.

דײַן פאַרמעגן רייצט מיך ווי די פליגלען דײַנע.
ביסט פרייד און לעבן, אינדערפרי.
מיר זינגען צוזאַמען אין די צעליכטיקטע שעהען
באַפּוצט מיט זײַלן און מײַלן און הימלען
דו, שטאָט, ספּעקטאַקל און מזבח
וואָס רויכערן הויך דורך פײַערן
דײַן בלוטיקן ייִחוס.

דו, הויכע שטאָט מיט קופּערנע ביימער:
ווער בײַט דײַנע קליידער
אין ברענענדיקן קעסל
מיט דעם אָנקום פון האַרבסט
מיט האַלב־געקווילעטע קאָלירן
מיט דעם בײַ־טעם פון בלוט?
ליגסט צעשפּילט, צעלאַכט און פאַרוווּנדעט!
לאָזט זיך פאַרפירן!

דער פּאַרק און רייצנדיקע בלומען
ליגן צענומען
מיט נאַקעטע פיס, אָוונטיק פאַרבענקט,
אומבאַקאַנט — פאַר דיכטונג בלויז.
ס'פּאַסט דיר די קופּערנע קאָלירן
ווי מיר דאָס ליד
פון דעם געהויבענעם אומעט
בײַ דײַנע טירן.

כ'הער דיך ריידן פון שלאָף!
אין מײַן לײַב בליִען דײַנע בלויע סימנים
און די נידערדיקע שעהען.
מיר טרעפן זיך צוזאַמען ווען זאַנגען פאַרשווינדן.
מיר שווײַגן, לכּבֿוד זיך אַליין,
ווי די רויטע בלעטלעך דײַנע
וואָס פאַרשווינדן, האַרבסטצײַט,
ווי אָנגעוואָרענע לידער.

5

מולטי־קאָלירן דײַנע
באַגילדט די פּיס, קאָפּ און די פּאַליטרעס
שׂרפֿהדיק ברייט.
כ׳זוך סימנים פֿון יענעם יונגן זומער
ווען איך בין צו דיר געקומען.

אַזוי פֿיל סודות, געשטאַלטן און קלאַנגען
דורך די שמאָלסטע שפּאַרעס, דורך טיר און פֿענצטער
מיט דעם געזאַנג פֿון יענע געזאַנגען
די מאָלערס און פּאָעטן,
אין די מויערן פֿון זכּרון.

מיר זענען עלטער געוואָרן
בײַ די בלויע ברעגן פֿון דײַן וואַסער
אין דעם טיפֿן שפּיגלטײַך
וואָס קען ניט אָפּשווענקען מײַן ליבשאַפֿט
צו דיר
צווישן שאָטנס פֿון שפּעטע יאָרן
ניט זיך אָפּצושיידן
אין די אומהיימלעכע ווינטן

נאָר פֿאַרבלײַבן ווי טאַטע־מאַמע
אין די פּאָעמעס
אייביק געטרײַע.

6

מזבחדיקער ספּעקטאַקל, דו שטאָט,
פון שטויב,
פון גאָלד און אַלומינום.
כ׳טרינק פון דײַן בלויען האַרץ
קילן סערום פון דײַנע שאָטנס
צוזאַמען מיט נאַכט אין די שאַרפע קאָנטורן
פון מײַנע געדערעם.

כ׳בין רויק, מוזיק און ווײַן
אין שאָרכנדיקן בלעטערפּאַל;
דער קאַפּריז וואָס ליכטיקט און טונקלט
סודותדיק —
אַ פאַרשטעלטער.

אין דײַן אײַזערנער ענגשאַפט
דרעמלט די פאַטאַלע בענקשאַפט
פאַרטרוימט און פאַרשטילט.
דו טײלסט זיך ניט אָפּ פון מיר,
ווי דער שיכפּוצער פון דער זון.

איך בלײַב די רעטעניש פון דײַן באַגינען,
אַ קאָמפּליצירטער שילד פאַרטשעפּעט
אין דײַנע פינגער.
ווען מײַן האַרץ איז ברויזיק
ווי אַ נישט געשטילטער ווינט
וואַרף איך די זון אין דײַן טײַך אַרײַן
און ווערבעס וויינען ווי פאַרגעסענע
מאַנעקענען
בײַ דײַנע הוילע ברעגן פון לייק מישיגען.

7

פאַרשפּיליעטע, איך און דו,
ווען האַרבסט, די צוגעפּאַרבטע מעטרעסע
פליט איבער דײַנע מויערן
מיט שטאַמלדיקע בלעטער
וואָס לויפן אין פײַער
מיט אַ רויטלעכן גלאַנץ,
מיט אָנגעשאַרטע אימאַזשן
שרעק און שאָטנס
אין פאַרמישפּטן געלן טרויער
אין די פענצטער פון נײַנצטן גאָרן.

און שטערן
ווי פײַערדיקע ראַקעטעס
אויף אָנגעוואָרפענע
בלעטער־בערגלעך
לאָזן זיך דערקענען
מיט די גרויסע טראָפּנס בלוט
אין דײַנע אויגן
אין רויט־האָרנדיקן באַגינען
ווען אַלע דײַנע קרוינען
ליגן אין די שטויבן.

אָקטאָבער ברענגט מיך צוריק צו דיר
צו חלומען ווידער
אין דײַנע סקולפּטורישע
ליכטיקע שטאָלן, צין און בלעך —
ביסטו מער ניט דער געצערטלטער
אין מײַן שרײַבמאַשין
נײַערט אַן עלנטער אָן זון, אָן שוואַלבן,
ווי איך
שטאָט, סאַטעליט פון סאַטורן.

## שטאָלענער אוניווערס

שטאָל און אײַזן,
צעמענט און גראַניט,
שטאָלענע לייטערס
גאָרנדיק הויך, הויך
און העכער —

מיט זונען־שנורן,
וועליורן,
פאָרמולעס,
אינטערגראַלן,
ציפערנער אומרו
מיט דראָטענע שפּראַכן
פון ווערטיקאַלע ריזן
פון מענטשלעכע הענט:
שלעפּן מיך מיט
מײַן ליד
אין גרינע פײַערן
אין די פליִענדיקע
מעטעאָרן
פון פאַרגעסונג
הויך, הויך, העכער
פון האַרטער ערד.

נאָר העכער פון אַלץ
בליציקער מעטאַל
זינגט
דורך טויזנטער שויבן
ווי סיגנאַלן
דעם מאַטעמאַטישן פּלאַן
פון צויבער און פיבער
די קוואַנטן־געהאָרכזאַמקייט
סיי בײַ טאָג, סיי בײַ נאַכט,
ביז די מאָס ווערט פול
פון די טיפסטע גרונטן

הויך, הויך אין אוניווערס
מיט קווירקן, עלעקטראָנען
און גיכער ווי ליכט
מיט וווּנדיקע פֿײַערן
צו דעם איינציקן
געגאַרטן איינעם —

וואָס האָט
די מהומה
און די רויטע פֿײַערן
פון אונדזער
שטאָלענעם אוניווערס:
די אָקולטישע אייביקייט
פון עלעקטראָמאַגנעטישע וועלטן.

1986, שיקאַגאָ

## שאָקאָלאַדן־קינדער

שאָקאָלאַדן־קינדער
וואָס טאַנצן אויף די שוואַרצע גאַסן
מיט רויטן פֿאַרנאַכט
טאַנצן מיט אָפּגעגלאַנצטע שיכלעך,
טאַנצן, טאַנצן, טאַנצן.

עווענין־בלוי מיט דרעמל־קאָליר
שאָקאָלאַדן־קינדער
דורך די שמאָלע ווענעציע־שטאַכעטלעך
טאַנצן אויף נאַסע אַלטע דעכער
מיט „הערשיס" ווייטע שרעטעלעך...
מיט רעגן־טראָפּנס
וואָס פֿאַלן אַראָפּ
איבער זיי ווי זילבערנע קוואָדערס
דורך די אויסגעהאַקטע שויבן.

זונפֿאַרגאַנג
אויף בלוט־באַפּלעקטע גראָזן
רויטלט זיך
אויף די שוואַרצע גאַסן
טאַנצט מיט די שאָקאָלאַדן־קינדער
אויף דעם רוקן פֿון אַ רעאַקטאָר —
און דער טויט טאַנצט פֿײַערדיק
צווישן ווײַסע ציינער
מיט טויטלעכער ראַדיאַציע.

שיקאַגאָ, 1986

## די סאָבוויי

רעדער און רעלסן הילכן שווידערפּול
פונקען שפּרינגען
ווי געאיבטע טענצערינס;
נאָר די וואַגאָנען מיט רעדערדיקע פּיס
וואַרפן זיך אין געדריי
און שרײַען אין טונעלישן בויך:
„לאָז אונדז אַרויס
פון דער פֿײַכטער פינצטערניש".

אַ מאַסיווע שוואַרצקייט
ראַנגלט זיך
אין שווינדלדיקע פענצטער
בליצט מיט פֿײַערווערק
ווי אין כינעזישן נײַיאָר.
בליצן פליִען פאַרביי
ניט פון הימל
נײַערט ווי אַ דינער בלײַיקער רעגן
וואָס האָט זיך אָנגעצונדן
מיט ווילדע געשרייען.

די סאָבוויי, איין־אויגיקער אַרגוס,
פּליט, שרײַט,
און ווערליק די צײַט
אין שוואַרצן טונעל
די טירן עפענען זיך
און ווי הערנערלאָזע שאָטנס,
פּאַסאַזשירן
ווי פון שטײַגן
קלעטערן אַרויף צום שטיינערנעם דרויסן —
אַרויס פון דער פייכטער פינצטערניש:

„ווי שדים אויף יענער וועלט,
ווי מלאָכים אויף דער וועלט".

שיקאַגאָ, 1985

## ראָבאָט־טריט

ביסט די שטאָט פון מײַן דיכטונג
געקרוינט
מיט בלעטער פון לאָרבער
מיט ווערטער שיכּור.
פון דײַנע גרינע אויגן
אַ וואַלד מיט פייגל־סטאַיעס
מיט פערזן,
מיט מעלאַנכאָלישע פינגער און גרינע קלאַווישן
מיט דעם אומעט
פון עדגאַר אַלאַן פּאָו.

מיט ראָסט דײַנע אויטאָס.
מיט גאָלד דײַנע פּרעריעס,
זינגען אין דײַן אינגעווייד
וואָרצלען און דראָטן.
מיט פאַרבן און בענקעניש
רײַסט זיך צו די הימלען
די שטערן צו פאַרמאָגן
פאַר דײַנע אויגן.

בויסט נײַע טורעמס:
ווײַסע, רויטע, ברוינע,
ווי וועכטער אויף דער וואַך,
מיט ראָבאָט־טריט
און פאַרעקשנטע חושים
אויף דײַן מעכאַנישן טראָן!
דו, דיכטער און טײַוול,
אינטריגאַנטישער באַשעפער,
צעשמעטערער און צעשטערער!

דיַין דרויסנדיקע וועלט
נערט דעם חלום
מיט נײַשאַפּט און עלעקטרישע געזאַנגען.
שקאָציש פּאַרטאַיעט קומט די זון
פון אַלע פּאַרנאַכטן
אויף די קני פון אַלע ברעגן
און שלעפּט דעם טאָג אין נאַכטיקע
געהיימע פֿײַערן.

1985

## דאָס ליד

די זון לויפֿט מיר ניט נאָך
אויף אַלע ברוקן
אין שטראַליקן געוועב
פֿון מײַן שטאָט
מײַן הויט און האַרץ
נאָר דײַנע צאַרטע הענט
און מײַן באַריר
דורך דער שמאָלער טיר,
איז וואַרעם, ראָז און לײַכט.

שרעק לעבט ניט מער אין מיר
כאָטש די זון
צינדט שוין ניט אָן
יונג־יאָרנקייט נײַערט בענקשאַפֿט
צעוואַלגערטע בײַ מײַנע פֿיס —
אַ שווימנדיקער פֿלאַם
וואָס אײַנגעשלונגען
מיט אַ ווידערקול.

פֿון דאַנען
הייבט זיך אָן דער טאָג
צעכראַסטעט
אין מײַן שטאָט
מיט אויפֿגעשפּיצטע אויערן
מיט בליאַסק
פֿון גרויסן גליק
וואָס בליט געהיים
מיט לעבעדיקן ברויט
אין דײַן מויל
וואָס איך האָב אַזוי ליב.

אין איינעם אַזאַ טאָג
אַ פֿאַרנוויגטער
פֿאַר מײַן שטאָטישן גאָט
האָב איך דיך געפֿונען
אויף די ברייטע פֿליגל
פֿון מײַן באַלקאָן.
די צײַט האָט געבליט מיט ריחות פֿון בעז —
מײַן שטאָט האָט אָנגעשריבן
אָט דאָס ליד,
מיט שטיינער, גאַסן און ווינט.

1988, שיקאַגאָ

# דער מענטש אין מיר

כ׳האָב מײַן געשטאַלט
אויסגעבריט
אין שטאָטישן גראַניט.
דעם מענטש אין מיר
אין גאָלדיקן ליד
אויסגעשמידט.
דעם פּאָעט
וואָס טראָגט די בענקשאַפט
אין אַ ווײַטער ווײַט.

זיך מיטגעשלעפּט
מיט צײַט
אַריבער
שטיינערנעם געשריי.
כ׳בין
רגע און שעה
צוזאַמען
אין זייגערס האַנט.

אַרויסגעוויקלט זיך
צו דער וואַרעמקייט
פון דײַן קול!
אין די אָוונטן
מיט די מיסטישע געשטאַלטן
זיך צעקושט
אין די ליפּווינקלען
פון ביכער.

מײַן פּאָרטרעט
אין מעטאַלענעם בליאַסק
הינטער שלאָס און ריגל,
באַוועכטערט.
דאָס ליכט — איז מײַן רעטער!
גאָט איז אין קלענסטן טורעם —
הויך.

איצט אין אָוונט —
די זיבן שטערן פֿון זײַן וואָך
די גאָב פֿון הימלישן גאָלד —
אַ קרוין פֿאַר מײַן קאָפּ.
ער איז
אייביק־לאַנד
פֿון וויזיעס
און גרינליכטיקייט.

שיקאַגאָ, 1985

## מיט דעם הייסן אָטעם פוןווינט

לאָז איך מיך אַרויס
פון מײַן אײַזערנער שטאָט
מיט פּאַפּירענע פליגלען
זיך אײַנזומערן
קעגן אַלע קאַלטע ווינטערס
אין אַ קאָנטינענט
פון אַנדערשקייט
מיטנעמענדיק
אַלע אומעטיקע שוואַלבן
פון מײַן גאַס —
פליִען אין דער הייך
אין בלויען מאַרגנליכט
מיט גרינע פייגל

דערמאָנען טראָפּנס גאַל
ווען האַרבסט און בלעטערפאַל
וויינען אין די אויגן
און שטעכן די נאַקעטע ליידיקייט
אין פוסטע נעסטן.

די אײדעלע שטילקײט פֿון פֿאַרשלאָפֿענע שטערן
פֿאָלגט מיך נאָך.
דער טאָג ווערט באַרעדעוודיק מיט אַ סך שטראַלן.
וואַזאָנעס אין די פֿענצטער
פֿאַרוואַנדלען זיך אין מײדלעך
און בליִען.
די ערד ווערט אַ זכּרון
אין דעם הײסן אָטעם פֿון ווינט
וואָס פֿאַרבלענדט און לײַכט אַרויס
נאָענט, נאָענטער און נאָענטער צום קאָנטינענט
פֿון מײַן זומערלאַנד
אַרײַנגעראַמט צווישן ערד און הימל
אין פֿאַרביקע געוועבן

ווי זוניקײט שמײכלט
אין די רויִשיקע וואַסערפֿאַלן
מיט נידעריקע רעגן־בויגנס
און מיט ווילד־שײנע אויגן

ווי קײן מאָל האַרבסט, ווי קײן מאָל ווינטער.

1986, שיקאַגאָ

## שטאָטישער קאַפּריז

דער טאָג ליגט נאָך באַהאַלטן.
די נאַכט ווי אין מאָלערס קאַלטע פאַרבן
מיט סודות דורך די שויבן און טירן־שפּאַלטן.
דאָס לשון פון די שטערן
ווי די שורות אין לידער
ברענען מיט ווערטער.
דער שלאָף איז אַנטלאָפן. כ׳בין וואַך,
כאָטש די נאַכט ליגט נאָך שווער
אין די אויגן.

כ׳האָב ליב די ליכט וואָס וואַרעמט,
די שעהען ווערן גרינגער.
דורך די אויפגעשלאָסענע טירן
אַ נײַער כּוח האָט מיך אויפגעהויבן
צעעפנט אַלע פענצטער,
מויערן
און אויערן,
כ׳וואָלט שווערן:
די אויפגעוואַכטע ליכטיקייט
רינט אַרײַן דורך די שטאָרן
און די רגעס פליִען ווי ווילדע בינען
אַנטקעגן זוניקער רחבות און דעם הימל.

מיט פלינקע טריט, פריש און אין געאײַל
די ליכט וואַרעמט די מײַלן.
די שפּיגלדיקע שטאָט באַוועלט מיך
און פול מיט חידוש
שפּיגל איך זיך אין די שױ־שױבן
פאַרגאַפט פון דעם ליכטיקן רייץ
וואָס צעוויגט און באַוועגט
דערוואַרטונג
אַ מין שטאָטישער קאַפּריז
פון גיפּסענע מאָדעלן מיט שפּורן
פון יענער ליבע
וואָס ריידן צו די אויגן.

ווען די נאַכט קומט ווידער
אין באַשאַפענעם סדר
דורך דער טיר
הער איך דעם גערויש פון
זײַדענע קליידער
און ווײַן־רויטע ליפּן
ווי נעכט פון טויזנט.

שיקאַגאָ, 1986

## שטאָט פון שײַנענדיקע שיך

די גאָלדענע פליגל פון מײַן שטאָט
האַלטן מיך געפאַנגען
צו די ניט־דערגרייכטע־טורעמס
וואָס וואַקסן אויס איבער נאַכט
אין הויכע באַליכטיקטע פעלדזן
פון גראַניט־רײַכן דינאַמיק.

אַ סך יאָרן מײַנע
אין די צעוויגטע קלאַנגען
פאַרוואַנדלען זיך אין פויגלען
צו באַזינגען
די שטאָט פון טויטע פידלען
אין אַ בראָנפנדיקער נאַכט.

דאָס אייביקע געזאַנג
ווי נײַ געבוירן
אין דימענטעם ליכט
אין די צעפלאַמטע בעטן
פון פאַרליוולעטער נאַכט.

אין קאָסמישן נײַגער און אין דעם שטראַל
פון קאַיאָר
די שטאָט,
אָנגעצונדענער שײַטער
קעגן ווילדנווינט
מיט רויכיקע הויכנס —

אַ שטראָפּנדיקער שטיינערנער גאָט
פֿאַרוואַנדלט זיך אין וווּנדער
מיט צעוואַרעמטע אָרעמס
מיט אַ ליַידנשאַפט זיך אַליין צו געפֿינען
און שפּינען דעם טעם פֿון אָנהייב.

גראָזן ווי פֿידלען און טײַכן ווי שפּיגלען
פֿאַרכּישופט דאָס געזאַנג
צו קלעטערן העכער אין פּלאַטערשײַן
און מעסטן צווישן כּמאַרעס־חיילות:
די שטאָט פֿון שײַנענדיקע שיך,
די שטאָט פֿון גאָלדענע פֿליגל.

## די אויפגעהאָנגענע שטאָט

די שטאָט צעוואַקסן הויך און העכער.
ווי אַ געהאָנגענער
נאָנטער צו גאָט
מיט וואָלקנדיקע סילועטן.
די הויכקייט, אומזיכער און שטאַר.

אויף די ווענט
זײַנען זיי פאַרטראַכטע אָן האָר
מיט אַ זוניקן פאַרגאַנג,
מיט פלאַמיקע פייגל־געשטאַלטן,
מיט רויטע פליגלען,
פאַרשאָלטענע און פאַרלאָזענע.

די פאַרפלאַנצטעביימער
מער און מער אײַנגעבויגן.
שאָטנס אַלערליי
ווערן שוואַרצער.

שטרענג איז דער מישפט
צעבראָכן און בלוטיק
געזילבערט מיט רעגן
ווינט און ווינטער.
דער זומער ווערט שטילער
מיט פײַער־פידלען,
מיט געזאַנג
און קולות.

די שטאָט וואַקסט
סכּנהדיק העכער, העכער.
דער הימל פול
מיט אויסטערלישע צייכנס.
צעזעגטעביימער אין ווינטיקן
גסיסה־נעפּל

פּאַלן קעגנאיבער
ווי אַלטע העלעפאַנטן
אָנגעשפּאַרטע
אין מײַנע פענצטער.

1986, שיקאַגאָ

## קראַנקע מלאָכים

אין בויך פון שטאָטישער פאַרקראַמפּטשאַפט
אויסטערלישע באַשעפענישן
אין די אָדערן פון מײַנע פינגער
פיבערן אַ געזאַנג
אַרום די וואַסערבערעגן;
און ווידער ווער איך
אַ פאַרשײַטער זינגער
מיט פאַרשטיפּטע בליקן
פון ס׳נײַ געבוירן
ביז די זון צעפּייניקט
אַלע שטיינער
אין דער נאַכט פון אַלע תהומען.

צעטומלטע שמייכלען
נעמען אַרום
צעהיצטע היפּטן
פון אָנגעשטעקטע לוסטן;
און לאַמפּיאָנען
ווי הייסע בריסטן
אויף די גאַסן
און אין די שויבן
בלײַבן יונג
אין זינדיקן לײַב.

כ׳פאַרשטיי דאָס לשון
דורך די העלדזער־טרובעס
צו קאָפּנס פון שטיינער
ווי צוגעקלעפּטע שאָטנס
פון קראַנקע מלאָכים.

## דער שניימענטש

דער שניימענטש
וואָס איז געבליבן הענגען
אויפֿן בוים
פֿאַר מיר צו באַוווּנדערן
שוועבט אַרום
מיט אַ געבוירענער שטילקייט
און זילבערנעם זויבער
ביז יענער לעצטער רגע
פֿון אויסגיין.

די ווײַסקייט זײַנע
פֿאַרלענגערט
שטאָלציק
און פּראָסטיק
רגעס פֿון זײַן
אין אַלע ליכטיקייטן
פֿון ווינטער
אַ דערקענטער מיט צייכנס
פֿון מײַנע פֿינגער
ווי מײַן פּנים אין שפּיגל
פֿרײַ אין ווינט אַ פֿאַרוויגטער.

דער שניימענטש
אַ סקולפּטירטער
פֿון גאָטס פֿינגער.
ליכטיקע קלאָרקייט דערלערנט מיר
אַ ברודער־ליבשאַפֿט
דורך ווינטערדיקע שאַלן
צו אים
וואָס הענגען איז געבליבן
אויף די צווייַגן,
אַן אורח אונטערוועגנס.

1988, שיקאַגאָ

## לאַנגע גרינע שורות

I

מאָנטיק, דער לעצטער
הייבט זיך אָן מיט שטאָלענע קלאַנגען
מיט פאַרפּלאָנטערטע
עלעקטרישע דראָטן
מיט לידער און פּסאַלמען
פון פרעמדן זונטיק
הינטער מיר
באַפאַרבט
מיט אַ פּלייציקן קאָליר
ענלעך צו בלוט
אין אונדזערע אַטאָמישע הערצער.

כ׳לויף אים נאָך יעדע וואָך אַזוי,
מאָרגנפרי
מיט דער זעלבער סצענע
ווען וואָלקנס שפּרינגען איבער מיר
ווי דעלפינען
מיט בלוישאַפּט אומהיימלעך ווײַט.

כ׳טאַנץ אַרויס פון מײַן הויז
מיט אייביקער צײַט
אין טונקל ווײַטן שטח
פון מײַן שטאָט
מיט צעוואַכטע שעהען
דורכצושטעכן ווי אַ גזלן
דעם מאָרגנשטערן
אונטערוועגנס.

מאָנטיק לויפט מיר נאָך
דורך די פענצטער,
מיט יאָרצענדליקער ווונדן
צו געדענקען:
אַ מעקלער, דער העקלער,
דער הענדלער, דער סוחר,
פּראָזאַישער עסטעטיקער,
דער אַפּטייקער.

מאָנטיק שמייכלט איראָניש
מיט בלײַענער בלויקייט
ווישט פון די שויבן אַראָפּ
דעם שלאָף, שטויב און שווייס
פון אַלע זײַנע מיטפאָרערס
און כ׳שרײַב די געשיכטע פון מאָנטיק
מיט לאַנגע גרינע שורות.

II

דער טאָג וואַקסט מיך שוין אַריבער
ער איז מיט אַ וואָלקן
העכער פון מיר,
ווי טריסטאַן
און איזאָלדע
מיט טויט און לעבן,
מיט לעבן און טויט!

אַט וויל איך צעטיילן
די זילבן און קלאַנגען
און שורות:
צו וועמען?
די זקנים נייטיקן זיך
אין נײַע שפּאַקולן,
די ייִנגערע
אין אויגן.

די נײַ־געקומענע
לויט
דער
לערערײַ
ווערן די קלאַסיקער
דערהויבענע
זיידעס
און אויף די פּאַרמעטענע הימלען
שטערן פאַרוואַנדלען זיך
אין געזאַלבטע אותיות
פאַר אַלעמען צו קענען:

גאָטפּריד פון סטראַסבורג
קוקט מיך אָן
ווען איך מיט דעם מאָרגנשטערן
צוזאַמען
אַרומפליִען אין גאָלדענעם
באַגינען
מיט לאַנגע גרינע שורות
פון טויט און לעבן,
מיט לעבן און טויט!

III

ווען אָנהייב־טאָג
האָט איינגעשלונגען
שטערנס אין גרין
איז די נאַכט געלעגן
גערירט
אין אַ צעריסענעם שלאָף
אָפּגעדעקט
און מיט ליכט באַגאָסן,

מיט אַ קוים געהערטן קול
פון פאַרשלאָפענע חלומות
וואָס זיינען געבליבן
פון אַן אַנדערן אוניווערס
אַנטרונענע
פון אונדזער ערד,
פון אונדזער שטאָט.

שטיי איך היינט ביי דיין שויב ווידער
מיט מיין טאָגבוך
מישנדיק די זייטלעך
די אָנגעשריבענע
זוכנדיק דעם צייכן פון מיין גורל
פון בלוי־מאָנטיק
וואָס איך האָב פאַרצייכנט
מיין היינט
מיט גרינע לאַנגע שורות
וואָס האָבן מיך באַהערשט
מיט דעם חלום אין שלאָף
אין מיטן נאַכט.

כ׳בין שטענדיק גרייט
אַנטלויפֿן פֿון דער וואָר
מיט מײַנע פֿאַרפֿאַקטע
רענצלעך צוויי
תּמיד בײַ מײַן שוועל
אַרײַנפֿאָרן אין טאָג אַרײַן
און קלערן וועגן דיר
ווי שטענדיק.

יעדער נאַכט קומסטו צו מיר
ווען דער טאָג פֿאַרגייט.
די טעלעוויזיע מיט איר פֿאַררויכערטן גלאָז
איז בלינד און שרײַט,
גוואַלדעוועט, זינגט און פֿליט
אין אַלע עקן פֿון דער וועלט
דורך בלוטיקע וועגן, פֿײַערן און טויט
מיט רגעס וואָס ווערן אַלט.
שעהען ווי שטיינער שטומע
ריידן ניט מער אויף אַ קול
פֿירן מיך צו דיר צום האָריזאָנט
מיט גרינע לאַנגע שורות.

שיקאַגאָ, 1988

## איין מאָל אין אַ פרימאָרגן

ווען די בלייכע שטערן
האָבן אָנגעהויבן פליִען
איז דער פרימאָרגן געקומען
אין די שפּיגלען, אין די שויבן,
אָנגעהויבן וואַנדערן
אין די גאַסן, אין די הינטערהייפן;
אויסער גאָט,
בין איך געווען דער צווייטער
בײַ די פענצטער און טירן
לויפלען
צווישן די פאַרבן און קאָלירן
וואָס האָבן מיך באַהערשט
באַלד פון שלאָף
מיט פייגל־שטימען.

די טויטע דאַרפן געדענקען
און די לעבעדיקע דאַרפן דאַנקען
און באַוווּנדערן
די זילבערנע פיש
טענצלען פון גלאַנציקן טײַך;
און די פייגל־געזאַנגען,
ברענגענדיק דעם טאָג ווי אויסגעשטײַערט
אין זיין פראַכט
מיט זיין געהיימער מאַכט
אין ליכטיקן דרויסן.

דער ווינט האָט געגלעט די בלעטער,
די ביימער־פֿליגלען
וואָס האָבן געוועקט מיט אַנטציקונג.
כאָטש נעם האַלדזיק אַלץ אַרום
טענצלדיק מיט די שטראַלן
וואָס גלאַנצן איבער יונגע ביימלעך
ווי מיידלעך
וואָס באַווײַזן די גרינע וווּנדערס
פֿון אויפֿוואַקסן.

איידער דער פֿאַרנאַכט פֿאַרכמאַרעט זיך ווידער
אויף די שטאָטישע טרעפּלעך
פֿון די הויכע מויערן
און די נאַכט וועט אומגעריכט
פֿאַרקניפּן ענגע פֿינצטערניש
אין די אויגן און אין די טריט,
בענטש גאָט
פֿאַר אויפֿדעקן דעם גאָלדענעם געשאַנק
פֿון דעם איינמאָל פֿון אַ פֿרימאָרגן
וואָס האָט געלויפֿלט
בײַם ברעג פֿון מײַן שטאָט
צוזאַמען מיט מיר.

1988, שיקאַגאָ

# גרינע האַרפּן

גרינע האַרפּן מײַנע מיט גאָלדענע טענער,
ביימער מיט זון באַשפּריצט נעבן מײַן הויז.
אַ טייל פון זייערע לידער
זײַנען מיר גוט באַקאַנט
אין מײַן שטאָט פון גאָלד.

ווען דער רעגן גיסט
וואַשט אָפּ דעם שטויב
כאַפּ איך זײַן ווילדן טאָן
אויף מײַנע ליפּן
צוזאַמען מיט די ערשטע שוואַלבן,
מיט די זעלטענע צווײַגן
וואָס זינגען שוין ניט.

מעסערשאַרף דער בליץ.
געזאַנג הימלהויך
דעם געזאַנג פון לויב און באַשאַף
פאַר אַלץ וואָס וואַקסט גרין און ווונדערלעך,
אין דעם שיינעם בילד
פון מײַן שטאָט.

בײַ נאַכט —
די לבנה מיט איר כאַרוס,
די שטערן וואָס ליגן
צווישן טאָג און פאַרנאַכט
באַהאַלטן אין יענע הויכע ווײַטן
מיט פאַרוואָגלטע טענער
זינגען
פאַרחלומטע לידער אויף די גרינע האַרפּן מײַנע
וואָס גייען קיין מאָל ניט אונטער.

## געווירעטע קאַלירן

כ׳קום פון יונגע ווײַטע מײַלן
וועמענס גרענעץ איז אײַנגעהילט
מיט געווירעטע קאָלירן;
קופּערנע פאַרנאַכטן פאַרוויגן די פלינקע רגעס
צו טרוימען פון אומבאַקאַנטע אַרומען
בײַם קאַרניוואַלישן פּאָרט פון אַ סך שטערן.

כ׳קום געטרײַ צום בלויען גליק
אין דעם אַלץ מיט פאַרצווײַגטע שטריק
ווו ווײַטער נעכטן ווערט די ווונד
און יעדער אות אַ געהיימער שופט
ווי די שטערן אין מיין שויב.

אַלץ און אַלץ באַשטימט דעם אַבסאָלוט —
די שטויב, די טרער, דער סוף!
אַלץ וואָס לעבט זינגט אין מיר
אין די פאַרביקע היילן
פון מײַן בלוט.

שיקאַגאָ, 1987

## הבל פון מײַן צײַט

אָט יענער אין שפּיגל
האָט מיך ניט דערקענט הײַנט
אין דער פרי:
אַזוי פיל שאָטנס
אויף די ווענט, שרעקלער.

געטראַכט:
מיט וואָס פּאַר אַ
צייכנס
קען איך רייצן
זײַן אויג?

ווי הבל
מיט זײַן קרבן,
ווי קיִן
מיט זײַן קינאה —
וואַסער
איז דערווײַל
געפלאָסן,
די חשבות צעטריבן.

דאָס ליכט
האָט געבאָרן דעם טאָג.
פאַרנעפּלטקייט
קלאָרער געוואָרן.

ווי כ׳וואָלט ס׳ערשטע מאָל
אומרחמנותדיק
מיט דעם ראַזיר־מעסער
מײַן האַלדז צעבלוטיקט —

דערזען פאַרב און שטראָם
פון מײַן בלוט
אין בליצנדיקן
שפּיגל
זיך דערקענט,
הבל
פון מײַן צײַט.

1987, שיקאַגאָ

## איך און מײַן גלעזערנער ברודער

I

ווער איז ער ?
דער
וואָס קוקט צו מיר
פון שפּיגל אַרויס
יעדן אינדערפרי
אַזוי ענלעך צו מיר
בעת כ׳גרייט זיך
פּוצנדיק
מײַנע פליגל
צו קענען פליִען העכער
אין די בלויע שעהען
פון נײַעם באַגינען
צום הימל
אַריבער טעגלעכן גערודער
פון מײַן אײַזערנער שטאָט ?

ער איז מער ווי ליד
מײַן שפּיגלדיקער ברודער
יעדן פאַרטאָג אַזוי
ווען איך עפן די אויגן
צו גאָט :
וווהין אַצינד ?
פליצײַט־שעה אַרום דעם בוים
פון לעבן.
בײַם וואַשטיש
מיט אַ גרויס געדאַרשט

געפֿין איך אים
אין שפּיגל.
ער ווייסט געננוי
גוט ווי איך
די נסיעה, מאַרשרוט,
פֿון מײַן הויז
צו די טיפֿע היילן,
די סאָבווייִ
ווו די פֿולקייט שוואַרצט
און צעקײַט מײַלן נאָך מײַלן
און ברענגט מיך
פֿאַרקלערטערהייט
מיט אומפֿאַרענדיקטע חלומות
אין אַלע טויזנטער שויבן
פֿון מײַן שטאָט
צום טאָג
פֿון אַ סך ווינקלען און שופֿלאָדן.

II

כ'ווייס:
ער גייט מיר נאָך און בענטשט
מײַן טראָט מיט גנאָד.
מיר ווערן ביידע איינס.
ער ווערט מיר ליב,
און ליבער
שומר און שאָטן
שבֿועדיק־געטרײַ
פֿון טאָג צו טאָג.

זײַן געשטאַלט
ווערט מיר אײגנס
ווי איך וואָלט אים
צום ערשטן מאָל
דערקענט
יעדן אינדערפֿרי
אין שפּיגל.

וווּנדער איז דאָס לעבן פֿון ווערן.
ער אויך
פֿאַרמאָגט טרערן, ניט באַזונדער.
מיר ווײנען און לאַכן צוזאַמען
און איכיש מיט לידער.
גאָט!
ווי קען איך זיך ליב האָבן
אָן אים?
זײַן ליבשאַפֿט וואַרעמט מיך תּמיד
אין שפּיגל
ווען איך פּוץ מײַנע פֿליגל
און צווילינגווײַז
פֿליִען מיר
אַריבער וואַכנדיקן גערודער
איך און מײַן גלעזערנער ברודער.

שיקאַגאָ, 1985

## די שעה פון דואַלעט

פאַראַן אַ וואָרט אַזאַ אין שפּיגל
וואָס שפּרינגט אַרויס
מיט פרימאָרגנדיקע רגעס
און צעגלעזערטע עכאָס
ווען איך קוק אַריַין אין זיַין פאַרחלומטער צורה
דאָס וואָרט:
**דו!**

אים זעטיקט נאָר
מיַין גאָלמעסער
וואָס קען מיַין פּנים בעסער
און איז מיט מיַין בלוט
אומצוטייליקט.
דאָס וואָרט
שפּרינגט אַרויס
פון שפּיגל
יעדן פרימאָרגן
קלאָרער
ווי זיַין פאַרגלאָזטער אָטעם:
**דו!**

אַ רגע פריִער,
דער זייגער מיט אַ זינען
האָט מיר אַ נײַעם באַגינען אָנגעבאָטן
צו באַדינען.
שטיי איך אַ נאַקעטער
בײַם וואַשטיש
זוך אין דעם באַרעגנטן קלאַנג
שפּורן פון וואָרט:
**דו!**
אין דער שעה פון דואַלעט.

זיך דערקענט!

ווי דער אויסדערוויילטער
געזאַלבט זיך
מיט דעם קאַלטן וואַסער
און נײַעם ציטער.

שיקאַגאָ, 1985

## בלענדיקע מיראַזשן

מײַן שאָטן, דער מאָדעל
איז געל און פֿאַרטרערט.
געלער ווי שווינדזוכט
געלער ווי דײַן קאָמבינע
וואָס גאָט מאָלט
אין די שויבן
פֿון דײַנע געלע אויגן.

ווײַטער פֿון דיסקאָ
ווו דו קומסט
די פֿאַרשלעפּטע נאַכט
בלענדיקסט מיראַזשן
אין פֿאַרשידענע פּאָזעס
מיט אַ ציגאַרעט —
מײַן שאָטן, דער מאָדעל,
שטאַרבסט ווי האַרבסט
אין פֿײַערדיקע פֿאַרבן.

דײַן פֿאַרבענקטער בליק
וואָס באַשאָפֿן אים
אין דער שפּעטער שעה
פֿון דײַן זומער:
ווי קען ער אַרויסלויפֿן
פֿון דער שוואַרצער ראַם
געמאָלן
פֿון על־גרעקאָ?

רויליכט פון מײַן לאָמפּ
פֿאַרטונקלט די בענקשאַפט
פון דײַנע פֿאַרבן
וואָס רינען אַראָפּ
ווי געוויין אין דער נאַכט.
אין די פֿאַרטאָגן
פון שפּעטן האַרבסט
מײַן שאָטן, דער מאָדעל
פון אַלע מײַנע זומערן
ליגט מיט שנייען באַשאָטן
און אַליין.

1985, שיקאַגאָ

# אינעם רעמל פונעם ליד

פּאַריז קוקט דורך די שויבן
אויף קונסטבילדער
וואָס צינדן זיך אָן מיט אויסטערלישע קאָלירן.
די פאַרבן פון מאָנמאַרטר און מאָנפּאַרנאַס
וועלן קיין מאָל ניט שטאַרבן
אין די שוואַרצע ראַמען.
זיי גלאַנצן סײַ טאָג, סײַ נאַכט
מיט די אָראַנזש־גאָלדיקע לאַנדשאַפטן.

די נאַכט
קומט מיט טראָקאַדעראָ אויסגעבעט.
די ביכער פון ווילאָן און באַלזאַק,
סעלין און מעטערלינק
אָטעמען מיט מעשׂהס און לעגענדעס
פון אויסגעלענדערטע וועלטן.
אויפן שרײַבטיש כוואַליען זיך
לידער און בריוו
פון קאָלעגן־דיכטער
ווײַט פון דאַנען.
אין דימיון שפּרינגען ווי דעלפינען
פרישע נײַע ווערטער
צו באַנוצן אין מײַן שפּראַכיקער
אַרענע
ווי פון מײַן לײַב און בלוט אויסגעקנאָטן.

כ׳הער די פּוסטריט פֿון עליזייער פעלדער
דערנענטערן זיך
צו מײַן הויכן גאָרן
מיט פֿײַערדיקע רובינען.
מײַנע בילדער
אָנגעצונדענע מיט קאָלירן
ווערן פלאַמען
אינעם רעמל פֿונעם ליד.

1985, שיקאַגאָ

## צעבראָכענע ברעמען

געקומען איז די נאַכט
נעכטיקן אין מײַנע פענצטער
מיט דעם ביטער־זיסן גערוך
פון צעבראָכענע ברעמען.

לעצטע ברעקלעך ליכט
פאַרטריבן פון מײַנע אויגן
און אַלע גרינע קאָלירן
איבערגעניצעוועט
מיט טונקעלע פאַרבן
פון מײַנע לעצטע כריזאַנטעמעס.

אויסגעלעבטער טאָג
איז געלעגן הינטער אַ וואָלקן
צווישן די מויערן
ביז קראַנקשאַפט
בלאַס
ווי דײַנע לאַנג־פאַרגעסענע שלייערס —
אויף זײַנע אַקסלען
אַ באַרג פינצטערניש
און הענגענדיקע בריקן,
שוואַרצע בריקן, איינזאַמע בריקן.

אַלץ איז געשלאָפֿן:
בלומען,ביינער און גראָזן.
דער מאַן, דער מײַנסטער,
האָט געקלאַפּט אין מײַן טיר
אין טיפֿער פֿינצטערניש אײַנגעהילט —
אַ פֿײַערפֿלעמל
אין זײַן האַנט.
דער מאַן פֿון סאַמע אונטערגאָרן
האָט די ליכטיקייט
ניט געקענט באַשאַפֿן
יענעם באַגינען
אין די צעבראָכענע רערן.

1985, שיקאַגאָ

## בײַ דײַנע הויכע פענצטער

גענוג! דאָ ענדיקן זיך אַלע װעגן.
די טעלעװיזיע פאַרמאַכט — שטום.
דער ים איז שטיל,
אָבער ניט טויט.
דער װינט דרעמלט
װי מײַן מײדל מיט אָפענע אויגן
מיט אירע בראַסלעטן און פינגער.

חלום מײַנער,
לעצטער פונק פון מײַן שײַטער־הויפן
צװישן די צעשטערנטע סימנים
און די װוּנדערמײדלער
טאַנצנדיק
אין דער נאַקעטקײט פון נאַכט
איבער מײַן דאַך;
און אינעם שטויב
פון שלאָפנדיקן דרויסן
געמערט מיט
שדים און סודות —
זיסע װי צוקער אירע װײַסע זאָקן.

ווי אַ פויגל
געלאָזט זיך הוידן
אויף אָדערדיקע צווײַגן
פון שפּעטן זומער.
מענטש און נאַר
וויסנדיק:
אַז ביימער זענען קאַלענדאַרן
וואָס לאָזן פאַלן
בלעטל נאָך בלעטל
יעדן יאָר, ריטואַל
נידעריקער אינעם תּהום
פון אייביקייט און פאַרגיין.

און ווער ס׳באַפעלט
צו עלטערשאַפט פון יאָרן —
איז אויך מײַן באַהערשער!
נאָר טויזנט יאָרן יינגער
איז דאָס ליד פון מײַן חלום
אין דער נאַקעטקייט
פון דײַנע שויבן
בײַ דײַנע הויכע פענצטער
פון דורכזיכטיקע פאָרהאַנגען.

שיקאַגאָ, 1985

## מאָדנע פֿאַנטאַנעז

פֿאַנטאַנעז
מיט פֿיגורן פֿון אַלטן גריכנלאַנד
דערמאָנען און מאָנען,
קאָפּירטע, אַנדערע, ניט דאָיִקע
און פֿאַרבלוטיקט מיט דײַן בלוט
צעשפּריצט
פֿאַרנאַכטיש-טונקעלע סקולפּטורן.
אָפּגעלעבטע זומערן
מיט שטראָמיקן רעפּריין
פֿאַר געקומענע
און פֿאַר די וואָס גייען שוין אַוועק
ווי צו וואַסערפֿאַלן,
די פֿאַנטאַנעז, מאָדנע פֿאַנטאַנעז.

ווען די זון פֿאַרגייט
מיט איר בראָנדזענער מוזיק
איבער שטיינערנע פּאַסטאַמענטן
פֿון מײַן שטאָט
צעהילכט
די שפּעטע עלעקטרישע ליכט
פֿון שטאָטישן פּאַרק
און שפּילט ליכטיק
אַרום פֿאַרנאַכטיקע שאָטנס
ביז דער גאָלדענער שטויב
און דראָטענע גראָז
צעזינגען זיך צופֿוסנס
פֿון לייק מישיגען
מיטן גרויסן אומעט
פֿון עדגאַר פּאָוס ראָב.

## בופלאָקסן

...און אַלץ וואָס איז אייביק
איז געזאַנג
און רעגנבויגנדיקן וואַסערפאַל
וואָס שפּריצט,
שוימט,
שטראָמט
פון הויכן באַרג
פעלדזיק שטאַרק
פאַר בופלאָקסן און הירשן און קאַיאָטן,
איבערגעבליבענע חיות
אין מאָנטענאַ.

קומט די נאַכט,
שרעקן זיך בופלאָקסן פאַר דעם באַוואָפנטן הימל
מיט פייַערדיקע אויגן
און די הייסע קוילן
צווישן רויט־ברוינע פעלדזן.
הינטער זיי
אָטעמען פאַרטאַיעטע יעגערס
אָפּצושינדן זייער פעל;
די קאַיאָטן —
פאַר דעם בלוטיקן פלייש:
גאָט!
ווּ זיך צו ראַטעווען?

ווי זשאַווער די אויסגעברענטע גראָזן.
נאָר בײַ די סאָסנע־וועלדער
אַ צויבער־ווײַטקייט
האָט גאָט אָנגעוואָרפן אויף די פּלוינען —
ווײַטער, ווײַטער,
פון די וויגוואַמס לאַנדפלאַך
שניי ווי וואַטע מיט בלוטיקע סימנים
פון פאַרטאַיעטע יעגערס
און אינדיאַנער
לאַנג פאַרגאַנגענע און פאַרטריבענע שבטים.

שיקאַגאָ, 1985

## קראַנקע יאַגדעס

סוף־זומער בלוטיקט און הערט ניט אויף.
רויטע טראָפּנס אויף מײַנע ליפּן —
אַזוי רויט ווי אירע האָר
זומערדיקע געזאַנגען
פון מײַן ניטדאָיִקער ליבע.

צווישן דונער און בליץ
וויגט זיך דער פּיאָלעטעווער אומעט
פון דײַנע קליידער.
די זון האָט איר היץ פֿאַרלאָרן
מיר איז שוין לאַנג אייביק קאַלט.
די איבעריקע רײַכקייט
פלאַטערט אין מיר
ווי אַ משוגענער פויגל.

בלעך, בלעטער, בלומען
און דאַרע צווײַגן —
שטאַרבן באַזונדער.
אין די סעדער
גאָלדענע עפּל
פֿאַרוואַנדלען זיך אין דײַנע שמייכלען.

דער דרויסן איז פול מיט בלינדע קאָלירן.
דער ווינט שטאַמלט שוואַכע גראַמען;
און אין דעם טאָג
פון יאַגדעס־זוכערס
פאַר וואָס בלוטיקן קראַנקע יאַגדעס
אויף מײַנע פינגער?

שיקאַגאָ, 1985

## דורך מײַן הינטערטיר

פרימאָרגנדיקע פּנימער,
שטרענגע ריכטער,
מיט ניכטערע בליקן
קוקן אויף מיר
ווי דער מאַרודניק
וואָס לויפט אַרויס פון טונקעלן קאָרידאָר
אין בלאָען טאָג אַרײַן
דורך מײַן הינטערטיר.

מײַן שאָטן לײַדט אויך,
פאַרווונדיקט
פון קאַלטע אויגן
ווען איך נעם צונויף
די צײַט, די שעה, די פאַרבלויטע
שטילקייט,
דעם זייגערל אַפילו
און פּאַק זיי אַלע
אַרײַן
אין אַ לויפנדיקער מאַשין
אָפּט מאָל,
אין אָמניבאָסן
צוזאַמען
מיט די שלאָפלאָזע נעכט
דורך שוואַרצער פּוסטעניש
און ברענג זיי
זיי זאָלן לעבעדיקער ווערן
אויף די ברעגן פון מײַן שטאָט.

יעדן פרימאָרגן אַזוי —
פון דאָס נײַ
ווען דער טאָג קלאַמערט זיך
צווישן הימל און ערד
שטאַרקער אויף מײַן הינטערטיר
און צאַפּלט זיך
וואַרטנדיק אויף מיר.

די נאַכט איז האַלב־וואַך,
אומפאַרשלייערט,
איר גוף און גײַסט איז בלינד צום טאָג.
דער טאָג מיט זײַן יעדער ריר
הונגערט אין דער פרי נאָך דעם ליכט
וואָס טיילט זיך אָפּ
פון דער חשכות
שטיל ווי די אייביקייט
דורך מײַן הינטערטיר
ווו מײַן צווייטער זײַן,
מײַן אָקולטישע עקסיסטענץ
וואַרט אויף מיר
בלייך און פאַרנעפּלט.

שיקאַגאָ, 1988

## אַ גאָלדן זייגערל

אין קעשענע פון מײַן מאַנטל
האָב איך געפונען
אַ גאָלדן זייגערל
וואָס איך האָב יעמאָלט אָנגעוואָרן,
אַ מתּנה פון מײַן זיידן.

ער האָט זיך אָפּגעריסן
פון מײַן האַנט
און מיטגענומען מיט זיך
מײַן זיידן און מײַן צײַט
און אַלץ וואָס איז פאַרגאַנגען.

כ'האָב אים
אין מײַן מאַנטל־קעשענע
אַ וואַרעמען גן־עדן
באַשאַפן
פון הענטשקעס
און פינגערשפּיצן.

דער טאָג איז געקומען מיט ליכט
און מיט יונגן
ווען איך האָב אים
פון מײַן קעשענע
אַרויסגענומען
מיט דעם גילדענעם געלעכטער
פון מײַן שוועסטער
אין זוניקן פרימאָרגן.

ווי קינדער־קוואַטיראַנטן,
די וויַזערס,
האָבן זיך געשפּילט
מיט צעוואַקסענע שעהען.
כ׳געדענק גענוי דאַטע און טאָג
דורך דײַן שײַבל
ווען איך האָב דיך געפונען.

דעמאָלט
האָב איך פאַרמאָגט
חלום און גלויבן
ווען איך האָב דיר דערלויבט
צו נעכטיקן אויף מײַן יונגער האַנט
מיט אַלע דײַנע אָדערן.
די נאַכט איז געלעגן מיט בלוטיקע צייכנס
און מיט הימלישע סימנים
ווען מײַן שוועסטער און איך
האָבן געבענטשט
די יונגשאַפט פון דער צײַט.

שיקאַגאָ, 1988

# אין די גרינע קאָרידאָרן

די יונגע פּאָרלעך
פֿאַרלאָזן די געלע טאַקסי
טאַנצנדיק מיט שטרויענע בלומענטעפּלעך
אויף די קעפּ
געקומענע
זוניקע
פֿון זומערלאַנד
מיט קושן און געלעכטער
די אָפֿענע טירן און פֿענצטער,
ווי אָפּגעברענטע פּאָרלעך
מיט גרינע אויסגענייטע גערטנדלעך
אויף די באַבלומטע בלוזקעס
פֿאַרבענקטע פּאָרלעך;

פֿאַרליבטע פּאָרלעך פֿון דער געלער טאַקסי
טענצלדיקע, האַלבנאַקעטע
אַקעגן שניי און פֿראָסט
באַוועגלעכע
מיט זונפֿלעקן
לוסטיקע
מיט די שטרויענע בלומענטעפּלעך
אויף די קעפּ.

לידער בליִען אין זייערע פינגער
מיט קלאַנגען
אויף די ליפּן
באַוואָפנטע מיט יונגשאַפט
די יונגע פּאָרלעך
טאַנצן ווי פּײַערדיקע זונען
איצט נאָר געקומענע
פון זומערלאַנד
אָן אַן אויפהער.

ביז דער שמאָלער הימלפּאַס ווערט טונקעלער
און זייער נאַקעטקייט
ברוינער
אין די גרינע קאָרידאָרן
פון מײַן הויכן גאָרן
ווו די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען.

1988, שיקאַגאָ

## פינף אַ זייגער אין דער פרי

I

— — — ווידער לײַכט דער אָנהייב־מאָרגן
באַפרײַט פון נאַכט און גאַרט געפלעכט
מיט די באַנײַטע אויפגעהעלטע שעהען,
מויערן, בריקן,ביימער און טײַך.

ליכט דערקענט מײַנע הענט
פון ברויט, גײַסט און צײַט;
צײַט איז ליכט, און ליד איז שטאָט,
טרעפּ, רעלסן, שילדן, מויערן, לעגיאָנען.

אין מײַן אויג די טײַערע מינוטן
ווי געטרײַע פרײַנד לויפן מיט מיר
שמייכלען נאָכגיביקייט צווישן מיר
און פּאַפּיר ווערטער־וויטאַלע
דיכטעריש אייגענעם גרויסן וווּנדער —
דער שענסטער לוין וואָס מערט.

אין די שויפענצטער פון מײַן שטאָט
פרימאָרגן אַנטפּלעקט זיך
אין די שויפענצטער:
לײַבלעכע מאָדעלן, פיגורן פון אייביקער
יונגשאַפט ברוסטיק פרײַ, אינטים,
אָנבייניק,
פּאַרטרוילעך צאַרט
און נאָך אַנאַנד באַהאַרצט מיט לעבן
און מיט ערשטער באַגעגעניש.

פלינקע ציפערן, מינוטענע בינען,
מיט צעצאַפּלטע פֿאַרבן
לעבן
און שטאַרבן צעטומלטע
אויף בליציקע ווענט.

דער מאָרגן איז יונג און הויך
מיט פֿאַרנעפּלטע קרוינען
מיט זשעדנע פֿאַרלאַנגען אומגלויבלעך
העכער און כיטרע אין צאָל.
דער עגל הזהב דער באַצירטער
גלאַנצט
אין אויסגעזילבערטן געטומל.

II

מאָרגנשאַפט
ווײַטער און לענגער ווי די גאַסן
אין מײַן שטאָט
רייצט דיכטערס הענט
פֿאַרמערט די מאָנונג אין די טריט
צעגליקטער געזאַנג אין געדאַנק
אַז דו, צאָליאָריק לעבן מײַנס,
ווי אַ באַפּעל —
ביסט צוגענאָגלט מיט לידערײַ
אין מאָרגיקן כאַרוס פֿון באָרוועסן בראשית
ווי ערשט־געבאָרנקייט.

אויף געטרעפּטע שוועלן
פון מײַן שטאָט
לויפט דער טאָג מיט ווידערקולות
מיט ציפּערן
מיט געפּאַר און אַוועקפּאַל
אינסעקטיש
אין די דראָטענע נעצן
דורך איטלעכער שפּאַרונע
דורך מעשענע טירן.

און איך —
פאַרשיכּורט פון דײַן ליכט
מיט דײַן מאָרגן
אויף מײַן געזיכט
דער לויפלער פינף אַ זייגער אין דער פרי
צו דײַן נײַעם טאָג
אויסגעלײַטערטער פון נאַכטיקן שווײַגן.

1988, שיקאַגאָ

# אַ פאַרחלומטע וועלט

אַצינד
ליגט די גאַס אײַנגעשטילט
און ווינטלט זיך
מיט די בלעטער
פון יונגע ביימער.
ערב־נאַכט
הייבט אָן
רויטלעכן פײַערטאַנץ
בײַם ברעג טײַך
און פון הינטער די בערג
שטערנט אַ פאַרחלומטע וועלט.
ערב־נאַכט
באַפעלט
כ׳זאָל ווידער אָנהייבן
חלומען.

קיינער איז ניטאָ איצט
בײַם טײַך
נאָר דער גערויש
און די זון
די רויטע רויז
וואָס איז געקומען זיך באָדן
ווען דער טאָג שפּאַרט
זיך
אַרויס

פרײַ פון געברויז
פירט מיך צוריק צום טײַך
ווי פּאַר אַ גרויסן שפּיגל
צו דערקענען
דײַנע פינגערשריפט
אויפן זאַמד
לעזבאַר נאָך
און אומפּאַרווישט.

אָפּגעווישט
זענען נאָר די זונפלעקן
פון מײַן פּנים
ניט צו דערקענען
זיך אַליין.

שיקאַגאָ, 1988

## אויסדערוויילטע קעפּלעך

אין מײַנע פּאָלירטע שופלאָדן —
פון וואָכיקייט
אויסגעלאָדן,
שפּראָצן אויסדערוויילטע קעפּלעך
פאַר די אָנגעשריבענע לידער:
נײַ־געבוירענע, אָפּגעטיילטע,
סאָרטירטע, דאַטירטע
און אָנגעצייכנטע
לויט זייער עלטער.

לידער זײַנען תּמיד יונג.
מײַן פּאָלירטער שרײַבטיש
איז זייער וועלט.

צו אָפט ציטערט אין מיר די ליבע
פאַר די קינדער אין שופלאָדן
און פאַר די קינדער, לעבעדיקע פיר,
אין דעם טומל
ווי אין אַלע שטיבער
ווען חלומות ווערן שטרענג באַוואַכט.

עפן איך דעם שופלאָד בײַ נאַכט
און עס ציטערט מײַן האַרץ
שוין יאָרן
מיט אַ גרויסער ליבשאַפט
צו די לידער
און איך גלעט זיי מיט מײַנע
איידעלע פינגער,
די פינגער פון זייער באַשעפער.

די לעבעדיקע פּיר,
די פֿנימלעך מיט טענות פֿאַרהאָנגען,
דערשפּירן טאַטנס געטרײַשאַפֿט
צו די אָנגעשריבענע —
לאָזן זיך באַהערשן פֿון זײַנע פֿינגער־סימנים.

מײַנע אויפֿגעוואַקסענע פּיר
טײַער ווי גאָלד און שטערן.
די לידער פֿון מײַן בלוט
בליִען אין מײַן האַרץ באַזונדער
ווי וווּנדער —
און דער וווּנדער
אין מײַנע פֿינגער.

שיקאַגאָ, 1988

## אַ שטיקל ערד

אַ שטיקל ערד
באַגראָזיקט
מיט קראַנקע חלומות.
דער רעגן העלפט ניט מער.
אַ וויינענדיק שטיקל ערד
וואָס וויל ניט בליִען
אָן דיר.

ווער ווייסט
וויפל מאָל דאָס שטיקל ערד
האָט געבליט
טראַכטנדיק פון דיר?
דײַנע טריט,
ווען גרויע וואָלקנס
מעסטן זיי.

און דו ביסט נאָך אַלץ דאָ!
דאָס וואַסער ווי דאָס ליכט
אין דײַן אַלטער דירה
מיט די קרענקלעכע טעג
פאַרבונדענע
מיט באַנדאַזשן.

קעגן פאַטאַלן ווינט
וויין ווי אַ קינד
צו בלײַבן דאָ
דעם געוויסן טאָג
און ניט גלויב
אין דעם גאָלד
אין די נידערן פון זאַמד.

דער רעגן העלפט ניט מער.
דאָס שטיקל ערד אָן דיר,
וויל ניט בליִען צוריק
און וויל שוין מער ניט
— דיכטן
עס שווײַגט
אָן ליכט, אָן פרייד, אָן לידער.

שיקאַגאָ, 1988

## דער בלאַסער אָפּגעמעקטער נומער

I

דער זעלבער פּלאַץ, אָבער אַנדערש,
וועג און טײַך און סאָד
מיט שאָטנס פון לעצטן קאַרנאַוואַל.
די זעלבע עפּלביימער, אָבער
מיט געלע פלעקן,
באַשפּריצט מיט רויטע קאָלירן
ווי קראַנקע קליינע מיידלעך
און ריחות — זיסע און ביטערע.

איך צו איר, מיט דער וואַרעמער
אינטימקייט פון פאַרצווייפלונג:
ליבסטע,
די נעקסטדאָיִקע מיט אירע
זילבערנע פינגער אין פענצטער
איז ניט די ניוד פון רענואַר —
נײַערט אַ בלויע טענצערין פון דעגאַ
טויט
אין די שויבן
וואָס זײַנען נאָך וואַרעם.

דער זעלבער וואַלד, אָבער אַנדערש,
מיט אַ קרישטאָלענער קאַלטקייט
און גלײַכגילט
מיט אַ שווײַגעניש און שטילקייט
אין זאַמדיקן טאָל.
דער בולדאָזער מיט זײַן פאַרריסענעם קאָפּ
און אײַזערנע ציין

האָט אויפגעפרעסן אונדזער וועלדל
מיט זײַן אוילקן צונג
ברומענדיק ווי אַ באַסון;
ער, שווײַגט שוין אויך
און ליגט איינזאַם
צווישן בלוטיקע בלעטלעך.

ער און מיר
האָבן זיך אָנגעקוקט ווי שׂונאים
דורך די אויסגעזעצטע שויבן.
דאָס מויל פאַרשלאָסן
די עכאָס
פון די געוועזענע.

II

אַלץ איז דערמאָנונג.
בולדאָזערס מויל איז איצט
אָן ציינער
און בלוטיקט מיט די קראַנקע פאַרבן
אַ פאַרמישפּטער,
פאַרוווּנדעטער,
זשאַווערדיק־רויט,
אימפּאָטענט
און פאַרלאָרן.
די פייגל
מיט מײַלער פאַרמאַכט
זינגען ניט מער.

מיר בלאָנדזשען ווי דערזערטירן,
אָן חרטה, אָן ווילן, אָן לוסט.
שמייכלען ווי אומדערקענטע,
לאַכן ווי פרעמדע.
לויפן און לויפן צו די אַמאָליקע
„פלאַנעטן" אונדזערע, צו די געוועזענע
שמייכלען, צו דערהערן ווערטער
וואָס קלינגען נאָך
ווי אוווערטורעס
אויסגעגראָבענע סודות
פון די שטאַרבנדיקע גראָזן.

לויפן
און לויפן
צום עלטסטן בוים
דערקענען די נעמען
אויסגעקריצטע
אויף זיין קאָרע —
אונדזערע נעמען
שוין לאַנג אָפּגעוואַשן פון ווינט און רעגן.
מיר האָבן דאָ, דו און איך,
פאַרזייט אונדזער אומשולד
און שולד —
באַהאַלטענע אילוזיעס.

III

„אין וועלדל בײַם טײַכל".
ווו די אייביקייט בלײַבט
אויף שטענדיק
אַ ליד, אַזאַ, בירושה,
מיסטיש, מאַגיש און אייגנס
ווי די וואַזאָנעס אין די שויבן:
ווו זײַנען דײַנע טריט
צו אונדזער טיר
וואָס ערשט געווען?
געווען איז ליכט
געבעט און רוף
פרימאָרגן־זון, אַ סנה —
באַפּעל און בלום
און זאַנגען פול
און ווילדע רויזן.
איצט
וואָס נאָענטער צו אונדזער זומערהויז,
די שולד
אויף ס׳נײַ
אין שניי צעצונדן.

דאָס זומערהויז
ווי אין אַ דרעמל
דורכזיכטיק און לײַכט
קעגן הימל
ווי אַ חלום
פֿאַרקלעמט, פֿאַרביק,
שטייט אָפּגעקילט,

מיט שטילקייט באַשפּינט.
אין זאַל —
די קאָראָנאַציע און די אידיליע
דורך די באַפענצטערטע נעכטנס
טראָגן
אונדזערע פּאַרטאָגן
מיט גרויס געפּילדער.

ניט געקענט פאַרגעסן
די יאָרן
פול מיט אומרו,
און די פרייד־באַגעגעניש
מיט דיר אויבן אָן
אויף דעם טראָן פון יונגשאַפט.
דאָ, ביים ברעג דיך געפונען
ווי פון טײַך אַרויסגעשווומען
קייקלדיק אין גאָלדענעם זאַמד,
אין די טיפע ווייכע גראָזן.
דאָס וואַסער
אונדזער נאָענטער שפּיגל:
מיט פערזן, מעטאַפאָרן,
יאַמבן און פײַערפליגן,
מיט ביכער צוקאָפּנס.

## צום ווײַטן ערגעץ

כ׳האָב ליב שטאָטיש לעבן:
דער ריח און רייץ
פון שטאָטישע מיידלער
מיט מאַראַנצישע בריסטלער,
אויסגעצייַטיקטע ביימלער,
צוגעטוליעטע צו מייַנע פענצטער
מיט קאַרשנפולע ליפּן און שמייכלען
אין צעשאָטענע רגעס
פון האַרבסטיקע שעהען —
צעשפּיגלטע פלאַמיקע רויזן
אויף פליגלען פון חלומות.

די אמתע זינגערס
אין די צעפלאַמטע פרימאָרגנס
פון מייַן שטאָט
זענען די פייגל
מיט זייערע היעראָגליפישע פּיסצייכנס
אויף נאַקעטע זאַמדן
ווען איך לויף צווישן זיי אַלע
דורך שוועלן און טירן
מיטזינגען די שירה.

כ׳האָב ליב שטאָטיש לעבן!
די שטיינער אַפילו,
שטומע שבטים
ביַי די ברעגן.
שטערן און טיַיכן וואָס שיַינען
פּזרניש
סוף־סעפּטעמבער
מיט כעמישע קאָלירן
ווי לשונות אָנגעצונדענע
אויף ביימער און גראָזן
ווען פֿייגל זינגען הויכע לידער
אויף צעווינטיקטע צוויַיגן
מיזרחדיק,
צום וויַיטן ערגעץ.

1987, שיקאַגאָ

# אָנהייב חשוון

בײַ די אָפּגעפּליקטע ביימער
פּאַנגט מיך דער ווינט,
דער ווינט וואָס צינדט
טויטלעכע פאַרבן
אָנהייב חשוון.

בלעטלעך מיט מאָדנע קאָלירן,
דעם פאַראיבל אונטער מײַנע פיס,
ווי ברעקלעך אָפּגעפּונענער גאָלד:
וויפל מאָל האָבן מײַנע טריט
געטראָטן אײַך
אין אײַער לויפן צוריק צו גאָט,
חשוונצייט?

און גאָט אויף די דעמבנהייבן
טריקנט אויס אַלע שטראָמיקע פאַרבן
און חשוון פּאָכט מיט דעם שטאַרבן,
מיט טויטע פייגל.

ערשט איצט יאָרן ווייט
פון בראשית
ליגט אַ קאַלטער שווײַגן
אין פאַרפרוירענע טײַכן.

שאַרכנדיקער ווינט און פײַער,
צינדער פון האַרבסט
רויטלען זיך בײַ די פעלדזנבערג.
פעלדער און סעדער מיט שאָטנס פאַרהילט,
מיט בלוטיקע שטערן, שאַרפע בליצן,
מיט אַ ווינטער וואָס פרירט אין מיר.

אַלץ איז אָוונט־פֿײַערדיק.
ווי אַן אורח בײַ די ברעגן איז מײַן פֿרעגן
ייִנגליש באַשיידן:
דורך אַזוי פֿיל פֿײַערדיקע פֿלאַמען פֿון חשוון
ווי לאַנג איז דער וועג צו מײַן זיידנס גן־עדן?

אין שאָרכעניש און מיט דעם גאַנצן פֿילדערניש
פֿון נאַקעטע צווײַגן
מײַן שולד איז ערגעץ פֿאַרבליבן:
זײַט מיר מוחל בלעטלעך גאָלדענע,
אונטער די דעמבנצווײַגן פֿאַר מײַנע טריט
וואָס לויפֿן צוריק צו גאָט,
אָנהייב חשוון.

1987, שיקאַגאָ

## דאָס פֿאַרשווונדענע

אַצינד, ווען די גאַס
איז מיט פֿראָסט פֿאַרטראַכט
און דער ווינטער
פֿליט אַראָפּ פֿון הויכע בערג
מיט קאַלטע ווינטן
אויפֿן ערדישן האַלדז
מיט ליכט און שניי,
קומען צו מיר מיט רייד,
מיט אַ הייסער בענקשאַפֿט
ווערטער אויפֿן ווײַסן פּאַפּיר.

קומען צו מיר
אין סאַמע מיט פֿון ווײַסע פֿלאַמען
אין סאַמע מיט פֿון מײַן טאָג
וואָס פֿלעמלט מיט אַזוי פֿיל זײַד
צעבאַלעוועט אין יעדער גאַס.

קומען און ברענגען דײַנע גליטשערס
און בילדער
באַלערינעס אין טוטוס
וואָס מישן זיך צונויף
מיט דעם נעבכטן
און שליטלען זיך אַוועק
צו דער ווײַסשנייִיקער צײַט

צו ווײַטע ערגעצן פֿון אַ מאָל
אויף פֿאַרפֿרוירענע טײַכן,
מיט אַ ווײַסקייט
וואָס פֿאַרלעשט זיך ניט
אין אויסגעצירטן שניי,
מיט יענעם באַזונדערן טרויער
וואָס האָט ניט קיין סוף:

די פֿאַרשווונדענע ווײַסקייט,
די לעצטע באַלערינעס
די לעצטע גליטשערס
די לעצטע פּאַראַדאָקסן.

שיקאַגאָ, 1988

## עפּעס איז געשען

עפּעס איז געשען מיט דעם טאָג.
עפּעס איז געשען מיט זײַן קאָליר.
ווי אַ בלינדער וואָס פאַרמאָגט ניט
די ליכט
איז דער טאָג אַרײַנגעפאַלן אין די שויבן
עלנט גרוי,
פּאַמעלעך זיך דערקײַקלט צו מײַן בעט
געוואָלט זיך טײלן מיטן אומעט
מיט מיר.

צעעפנט די טירן און פענצטער
אויף די ברעגן פון מײַן טאָג
צו הערן דעם פויגל מיט זײַן ליד,
צו הערן דעם האָן פּינקטלעך צו דער מינוט
זײַן וועקן די נײַע שעה.

אַלץ ליכטיקט האַסטיק מיט גאָלד
ווען דער טאָג וואַקסט העכער
ווי דײַנע פיס
און בלעטער ווערן די אויערן
צו הערן ווינטן זינגען
פון דאָ און דאָרט.

אַ ספּעקטאַקל די זון
באַגלייט פֿון טויזנטער שטראַלן;
שווימסט אין אַ מבול פֿון ליכט
מיט קינדערשער פֿרייד און מיט כוואַליעס
ווי ווײַסע מיידעלער.

נאָר הײַנט איז עפּעס געשען מיט דעם טאָג.
עפּעס איז געשען מיט זײַן קאָליר.
ער ברענגט דעם ריח פֿון טרויער,
דעם אומעט פֿון שוואַרצע טויבן.

1987, שיקאַגאָ

## דער פּאַרק נעבן מײַן טיר

דער פּאַרק נעבן מײַן טיר
בלעטערט ניט מער.
שוואַכע גראָזן זײַנע
זינגען ניט מער
צו די ווײַטע שטערן.
אַלץ אַרום איז שטילקייט
און גאָט.

פון מײַן הייך
צייל איך
די רגעס און שעהען,
טעג און יאָרן
אַלץ וואָס טיילט זיך אָפּ
ווען דער זומער פאַרגייט.

צי איז דער אייביק
באַגלייביק אין פלאַמען ?
געברענט זיך
אין זוניקן וווּנדער
מיט אַלע צוזאַמען
ניט צו בלײַבן
באַזונדער
פון דער טיר פון גן־עדן
איידער האַרבסט
אַנטפלעקט זיך ווידער
אין פּאַרק נעבן מײַן טיר
מיט אַ קנויל פלאַמען
ווי דער טויט
אויף מײַן מאַמעס פּנים ?

אין די ליידיקע
שטרויענע נעסטן
די כמאַרעס
צערינען זיך אין אַ רעגן
און דאָס פּײַער ווערט בלויער
ווען דער זומער ליגט אָפּגעשיידט
אָן פרייד פון זײַנע בלומען
הוידענדיק
אַלץ ווײַטער און בלאַסער
פון מיר
ווי די מאַמע פון לאַנג שוין פאַרלאָשן.

שיקאַגאָ, 1987

## רוק צוריק דעם זייגער

דווקא הײַנט
וועט דער טאָג נאָכטיקן
פֿריִער
ווי אַלע מאָל.

די שטאָט
וועט ווידער בלײַבן
אַליין
מיט אַ טענה:

פֿאַר וואָס איצט?

איינזאַמע מענטשן
וועלן וויאַנען צוזאַמען
און מיט נעגל שוואַרצע
אָנווײַזן
אויף דעם בלעטערפֿאַל
פֿון חשוון.

די נאַכט וועט ווערן לענגער.
די זון
נידעריקער צום ברעג
ווי די גאָלדענע פּאנדאס
אין קינדער־מעשׂיות.

ווינטער
וועט אַרײַנפֿליִען
מיט צוגעטשעפּעטע פֿליגל
און זילבערנע אַנטיקן.

## דער וואַסערפאַל

דער וואַסערפאַל אין טיף־בלויער נאַכט
ווי אַ געבוווירענער רעגן־בויגן
טאַנצט אַראָפּ פון הויכע פעלדזן
מיט אַ קלאַנג
זילבערדיקער פון גראַניט
באַוואָפנט מיט קאָלירן
און גערויש.

די לבנה,
אַ לופטבאַלאָן
פליט אַרונטער
איבער מײַן אָטעם
פון מײַן ליד
צינדט זיך ביי מײַנע טריט
ביז אין דער פרי
אויף דעם הויכן האַלדז
פון דער וואָס איך האָב ליב.

הירשן
מיט גאָפּלענדיקע הערנער
ראַנגלען זיך
כאַפּנדיק שטערן
אָן דעם מינדסטן ציטער
פאַר דעם באַרג.
דער וואַסערפאַל
בליצט און פאַרבט
דעם פאַרשנייטן גלאָבוס.

פונעם באַרגשפּיץ
זינקט אַראָפּ די מורא פֿאַר פֿײַערדיקע פֿאַרבן.
פֿאַלנדיקע שטערן
ווי וואַנדער־פֿייגל
אין זילבערנע שפּיגלען
ווילן ווידער פֿליִען
צוריק צו גאָט.

1987, שיקאַגאָ

## נאָענט ווי אַן אמת

דײַן ליבשאַפט יאָגט מיר נאָך
נאָענט ווי אַן אמת.
צווישן דאַן און דערנאָך
דײַן לעצטער ווילן
כ׳זאָל ווערן ניט דײַן גאָט
אין יעדן געשריבענעם פּערז.

אַ ווילד געשטאַלט, די נאַכט,
ווי פון אַ וואַלד
ליגט צעשפּאָלטן
אין מײַן צעבראָכן גלאָז
מיט הונגעריקע אויגן.

אויפגעוועקטער טאָג
בײַם פענצטער
ווי אין אַלע אינדערפריִען
אַן לשון און זכּרון.
אַ נײַע בענקשאַפט בליט אין מיר.
כ׳נעם דיך אַרום, פאָלג נאָך
ווי אין אַ חלום.
אַזאַ בענקשאַפט שפּאַרט אַרויס
פון ערב־פרילינג־גראָזן.
כ׳ווער צוריק דײַן באַשערטער.
ניט אומזיסט האָבן שטערן געטאַנצט
אין די שויבן.

פון כישוף באַווירקט, געפאַנגענע —
איך און דו, אַ ווונק פון הימל
אין דעם יונגן טאַנץ,
אומצושיידבאַר.
די אומגעשערטע לאַנקע ליגט פאַרוויסט,
דער האָטעל באַגריסט ניט מער.

דײַן ליבשאַפט יאָגט מיך נאָך
מיט מעטאַפאָרן, מיט ליכטשריפט,
אויף רויכערדיקע גאַסן.
שילדן ראַנגלען זיך אויף רעגנדיקע ראָגן.
אויף קאַלטע שויבן שפרייט זיך אויס
די נאַכט.
כ׳גיי אַרויס צו די הויכע גאָרנס
צו הערן די גרינקייט
פון דײַנע טריט
וואָס דו האָסט באַשאַפן
שוועבנדיק
צו מיר
פון פליִענדיקע טאַקסיס.

1987, שיקאַגאָ

## לײַכטערס

סעזאָנענװײַז
די װינטערדיקע בײמער
װי װײַסע ליכט
מחוץ די מויערן די הויכע
רעפלעקטירן
בלײכן אומעט
דורך די פענצטער.

און פײגל
מיט לעצטן אויסגעשריי,
רױשיק װי די בלעטער
פליִען אַרויף און אַראָפּ
דורך װינטיקע שפּאַרעס.

צװישן ערד און הימל
פרישע שפּורן
באַנײַען די לאַנדשאַפט
מיט אַ קינדערלאַנד
מיט זילבערנער פאַרביקייט.

דו זאָגסט:
די ערד איז אַ װײַס בוך
מיט לידער, װינט
און גליטשערס.
װינטער־שעה פאַרװיגט די גרױקײַט
איבער בײמער־שפּיצן.

פון שנייִיקער לופט
האָט דער ווינט אויסגעקנאָטן
זילבערנע קאַרעלן.
זילבערנע פינגער צינדן ווײַסע ליכט
אין ווינטערדיקעביימער
אין טראַנסצענדענטאַלע לײַכטערס.

1987, שיקאַגאָ

## פּאַלמעצווייַגן

די מאָרגנס בלײַען דורך פּאַלמעצווייַגן.
דער ווינט יאָגט די וועלט אַרײַן
אין די טייפעלדער —
אַ כּישוף־וועלט אײַנגעזאַפּט
מיט זונען אין די אויגן
אין דעם גרינעם בליק
צעגליט.

דער הימל בלענדיקט הויך
ציט מיך אין איר נעץ.
מײַן נאַקעטקייט באַקליידט
און נאַכטיקייט הינטער מיר
ליגט צערייצט.

די שטאָט, אַ סטאַטוע פון רויטע ציגל,
מאַרמאָר און גלאָז און בראָנדז.
געררויש צאַפּלט זיך קעגן אַלע געטער
מיט איר ברוסט אַנטבלויזט.
און דער טאָג רײַסט זיך צו דער נאַכט
און די נאַכט
אַפריקאַניש ווילד מיט אַ שוואַרצקייט
אין פולן צאַפּל
מיט ברוינע אָרעמס און הייסע ערד.

כ׳טראָג די נאַכט אין מײַן לײַב
ווי דו מײַן ליבע.
ווען דער טאָג קומט אין די פּאַלמעצווייַגן
בלײַבסטו הינטער מיר,
אַ רעטעניש.

## שנייִקע נאַכט

שוואַרצע קינדער
פֿאַרפּעפּערן די ווײַסע נאַכט.
ווינטער,
שרײַט דער ווינט
איבער אַלע מויערן:
לאָזט מיך אַרײַן!
צוגעשלאָסענע פֿענצטער
ענטפֿערן שוין לאַנג ניט.

די נאַכט מיט שוואַרצע ברעמען
שאָקלט זיך אַרויס
פֿון דעם שניי
ווי אײַנגעשלאָפֿענע בת־מלכּהס.
קינדער־שאָטנס פֿאָלגן מיר נאָך:
וואָס זענען קינדער אָן שאָטנס
ווען דער טאָג ווערט קלענער?

קינדער לויפֿן פֿרײַ.
די גאַסן ווײַס באַזאַלצט
און זאַט פֿון גאַז.
כ׳גיי זיי נאָך אַ הונגעריקער
אין באַנײַטן ריטואַל
גליטשנדיק
איבער אײַזיקער ערד
ווי אַ בן־מלך פֿון אַ לעגענדע.

אָט באַלד וועל איך פאַלן
אין שנייִ פאַרשאָטענעם באַרג;
אפשר בלײַבן הענגען צווישן ווינטן
פון דאָ און דאָרט
דער מאַן פון ליד
מיט גליטשערס
טעמפּ מיט אַ סך נעבטנס?

משמעות
די שאָטנס ציִען מיך צום שלאָף —
און שלאָף ציט מיך צו דער נאַכט
וואָס זילבערט דורכזיכטיק
און שוואַרצע קינדער האָבן
אַ ראַנדעוווּ מיט איר נאַקעטקייט —
פאַרפעפערן איר חלום.

1987, שיקאַגאָ

## אין סאָסנעוואַלד

אין סאָסנעוואַלד
ליגט דער ווינטער
מיט בלײַיִקע אָדערן
אַ באַוואָפנטער
מיט ווינטן
און צעקוילעטער שיינקייט.

דער לעדערמאַן
מיט רויך פון זײַן מויל
דרינגט אַרײַן מיט זײַן ביקס
אין צויבערוואַלד
הימל-פּראָסטיקע בלווישאַפּט
מיט רויטלעכן קאָליר
די אומלעבעדיקע
שטומקייט
פון צעשויבערטע בערגלעך.

ווײַסע צווײַגן
אײַנגעשמידטע אין דער אַרומקייט
גאַלאָפּירן
מיט די ווינטן
ווי אַרעסטאַנטן
יעמאָלט ווערן שטערן
ליליפּוטן
מיט בלוטטראָפּנס
אין דעם שניי.

דאָ רעדט די קויל
מיט בלוטיקע סימנים
פון טיגערס, לייבן
און שוואַרצע בערן.
דער האַלבער פונק, די לבנה,
יאָגט זיך טיפער
דורך די וואָלקנס
ווי אַ ציפער וואָס ווערט ניט עלטער
אין דעם וואַלד
פון זילבער־לעבן
און ווײַסער ווונדער!

שיקאַגאָ, 1988

## זילבערנע צווײַגן

ביימער ווי מכשפים
מיט ליכטיקע עקסטאַזן
פֿאַרשלינגען
דעם טאָג און זײַנע פֿליגל
ווי פֿון וואַטע אויסגעקנאָטן.

און דער טײַך,
אַ בלויער שלאַנג
בויכלט זיך
מיט גלאַנץ
אין געאײַל מײַל נאָך מײַל.

דער שניי
אַ ווײַסער פֿײַער
אויף די גרינע ערטער
אומבאַשיידלער,
אָן ווערטער
אַ פֿאַרטרוימטער,
געצערטלטער
אין אַ לאַנדשאַפֿט
פֿון שווײַגן.

צום טײַוול די בערגלער!
ווי ציגן
דער ספּעקטאַקל
ניט צו גלויבן
בלאָנדזשען אין די אויגן
ווי פֿון אַ בינע.
זילבערנע צווײַגן
אַנטפּלעקערישע
לירעס
צו וועמען, פֿאַר וועמען,
ערב דעם שנייפֿאַל?

שיקאַגאָ, 1988

## דורך דער פֿאַרפֿרוירענער טיר

פֿלינק איז דער ווינט
און שרײַענדיק
מיט שניי
איז דער ווינט
ווי ווײַסע פֿליגן
וואָס לאָזן זיך ניט
באַפֿרייען
פֿון זיינע אומגעזעענע
אָרעמס
נאָר מוזן פֿאַלן
צו דער ערד
מיט אַ באַשאָטענער שטילקייט
ווי די אייביקייט
וואָלט דאָ פֿאַרבליבן.

און ווען די זון
קומט
נאָענטער צו דער ערד
ווערט אַלץ אַ וואַרעמער ליגן:
דער שניי צעגייט,
דער ווײַסער חלום
אויך אַזוי
דאָס אויג זוכט
די מאָנבלומען
און לעבעדיקע פֿאַרבן.

פאַראַן אָבער אַ שנייי
אַ געקרייצטער
פון דײַנע שווערע שאַרפע טריט,
אַ שנייי אַ נאַקעטער,
אַ צעשפּרייטער
וואָס האָט זיך פאַר אונדזערע
אויגן
געבוקט און געקילט
די וווּנדן, כ׳שווער,
ווען אַ פּיצל הימל
איז אַוועק מיט דיר —
מעג זײַן ווי לאַנג
דורך דער פאַרפרוירענער טיר.

1988, שיקאַגאָ

## בלוטדאָרשטיקע שעה

בלוטדאָרשטיקע האַרבסטיקע שעה
וויל אָפּרײַסן נאָך אַ שטיקל טאָג
פון מיר
ווען איך לויף
מיט זומערדיקע שפּורן
אין פאַרשאָטנטע קעלערס
פון מײַן שטאָט
צו לערנען זיך פליִען
ווי די האַרבסטיקע בלעטער
בײַם ברעג טײַך.

איר ברענענדיקע שפּיל
פאַרוואַנדלט
דעם טײַך
אין אַ פאַרנאַכטיקן פלאַם,
ווען פאַרגייענדיקער טאָג
גרויט גאָר
אין מײַנע האָר.

און אין רויטן ראָם
פון אָפּגעקילטן זומער
דרעמלט האַרבסט
מיט בלינדע פײַערן און
מיט דער בלוטדאָרשטיקער שעה.

שיקאַגאָ, 1987

## די גיטאַרע

דער שאָטן וואָס האָט
געשמייכלט
צו מיר
צוועלף בײַ נאַכט
אין מײַן שטיקל גלאָז פון מײַן שויב
האָט פון רעגן
אויסגעטרונקען
דעם טאָג
טראָפּ
נאָך
טראָפּ
אָנגעזויגן זיך
מיט נאַכט
ניט צו ווערן
אַ רעגנבויגן
נײַערט
דער שאָטן
אָן זײַן גיטאַרע.

געפונען אים
ווידער
אין זיין שלאָף
מיט אַ צעבראָכענעם כּוס —
ביזן דנאָ
קיין טראָפּן מער
נאָר טויבן בלויע צווייי
ווי שומרים
בײַ זײַנע פיס
וואָס זענען ניט אָפּגעפלויגן.

ווען דער טאָג
איז געקומען
מיט גילדענע געוועבן
איז די גיטאַרע
געלעגן
אויף אַ בינטל שטרוי
ווי אַ קינד
נאָך זײַן שטאַרבן.

1987, שיקאַגאָ

## קלוגעביימער

קלוגע ביימער
שטראָפן מיך
פאַר מײַן נאַקעטקייט
ווען איך שפּרינג
אַרויס
פון טאָג
אין דעם געזאַלצענעם
ים
צעלייג זיך
אויפן יונגן זאַמד
אין מיטן
בלויען טאָג.

הייסער שטויב און זון
שליסן אַ בונד
מיט דעם ווינט
מײַן גוף
מיט זוניקע פלעקן
באַדעקן
מיט רויטע ווונדן
מיך צו געדענקען
סימנים
פון בענקען.

ווער קען זיך ניכטערן
אין אַ ווײַנגלאָז
פון שטראַלן
ווען דער טאָג איז גרעסער פון מײַן שויב
און ייִנגער
מיט יעדער שעה?

## דו און דער טאָג

אַלע וועגן זענען אָפן —
אַלע שויבן ווערן אויגן
ווען איך טראָג דיך
פעדערגרינג
פון שטאָטישן שטײַג
אַרויס.

דער זייגער
טיקט גאַווהדיק זומערדיק מינוטן
ווען דער ווינט
שטאַרבט וויינענדיק
ווי מיט סטרונעס
דײַן סוד
פון אַ פאַרליבטער לאָליטע.

אַ וואַלד פון ווערטער
צערווישט
דער טאָג.
די וועלט באָרגט אונדז
שליסלען צו אירע ווינקעלערס
און אילוזיעס.

מיר טיילן זיך מיט רויטן וויין
מיט רגעס און מײַלן
מיט דעם חלום וואָס שלאָפט
אין דײַנע פײַערדיקע האָר.

באַלד וועל איך אויך פאַרגיין.
דער טאָג וועט מיר בלײַבן
שולדיק:
די צעבליצטע שטערן
און דײַן יונגן געלעכטער.

1987, שיקאַגאָ

## די וואָגיקע נאַכט

די וואָגיקע נאַכט
מאָנט אָפּצאָל
פאַר יעדער ציינדלשטאָך
פון מײַן שרײַבמאַשין
אויפן ווײַסן פּאַפּיר.

דאָס לעמפּל
איז טעאַטעריש הויך
און פול מיט ליכט
פון דאַנען ביז דער שויב;
ליכטיקער פון אַ בליץ אין וואַלד.

כּל זמן די זון
און מוסקולירטער פּאָסטמאַן
לעבן בײַנאַנד
נעבן מײַן טיר
מאָרגנפרי
בלײַב איך דער „באַרימטער שרײַבער"
פאַר די לימפּיקע ריכטערס,
אַן עדה מער פון פיר
די בינדיקייט צו מיר.

כ'גיי אַרום אַ פאַרגעשטעלטער „ייִדישער פּרינץ"
מיט פּעקלעך בריוו און זשורנאַלן
אין מײַנע הענט
פון דער גאַנצער ייִדישער וועלט
און לייען פון „האָבגעשעצטן" ביז „חשובסטן"
די שירים און בריוו
שאָטנדיק שטיל,
בײַם לעמפּל בײַ נאַכט.

דער לעצטער שטערן קומט
אין די שויבן אַרײַן
מיט דעם טאָג און ווערטער־געפּער,
מיט טאָרט און ווײַן,
מיט מײַן שמייכל אין שפּיגל.

1987, שיקאַגאָ

# דער רויטער ליים

דער רויטער ליים ביי מײַן טיר
פֿײַערט ווי אַ כוואַליע
דערמאָנט מיך די געטאָס
און נאָך מער:
דײַן טרער און פֿאַרגיין
די ווידער־געבוירענע שרעק:
טאָטנס בריוו —
אַז ער איז אַוועק
מיט אָפּגעריסענע בלומען
ווי דער זומער
סוף האַרבסט.

געקוילעטע געוועזנקייט
מיט לשון און יאָמער
צו קאָפּנס דײַן לעבן.
כ׳האָב חרטה פֿאַר דער דערמאָנונג!
די נעכט,
מיאוסע באַשעפֿענישן
אין די צעבראָכענע שויבן.

אַרויסגעוועבטער און איינגעראַמטער טרויער
אין די אויגן,
אין מויל דער הונגער צאָרנט
בייז און ביטער
מיט שווערע נעכט
שווערער פֿון שטיינער
די נעכט אָן חלומות.

דער רויטער ליים בײַ מײַן טיר
צאַפּלט זיך ווי אַ פֿײַער
דערמאָנט מיך די געטאָס
און נאָך מער:
די ווידערגעבוירענע שרעק
פֿון אויסגעלאָשן ליכט —
די געפּאַר הינטער דער טיר.

שיקאַגאָ, 1987

# פאַרנאַרטע

אינעם נאַכטיקן אויטאָבוס...
לאָמיר זיך פאַרנאַרן
ווי אין אַ חלום
פון לבנה געטריבן
דעם מענטשלעכן אומעט פאַרלירן
און לאָזן דעם חלום באַהערשן
אונדזערע אויגן
מיט די ווײַטסטע אַמאָלן.

די נאַכט מישפּט אירע אייגענע שאָטנס
וואָס ליגן געפאַנגענע
אין די אויסגעלאָשענע פײַערן.
מיר, די פאַרנאַרטע וועלן רײַכער ווערן
ווען די שטומקייט
מיט אַן אוראַלטן לשון
וועט אָנהייבן ריידן
פון דעם נעכטן און איבערמאָרגן
מיט דעם אַריבערלעבן.

אָפּגעבן צוריק
די טויזנטער רגעס
פון אונדזער קלערן.

שיקאַגאָ, 1987

## נאָך דעם שטורעם

ווען דער רעגן האָט ניט געראונען מער
ביי מיין הויז
און די גאַס איז געלעגן
גלאַנציק ווי אַ מעסער.

איז דער פאַרנאַכט
ווי דורך בלינדע אויגן
געקומען
מיט אַראָפּגעלאָזענע שעהען
מיט מלאָכים און שאָטנס
און שטערן.

מיין שכן
האָט געריייניקט דעם ברוק,
די טרערן פון די שויבן.
גרינע טויבן האָבן ווידער מיך געפּירט
פון איין חלום צו אַ צווייטן
ווען דער ווינט איז געפלויגן
צוריק אין די בערג
צו האַלדזן
די צייט פון פאַרבן.

שיקאַגאָ, 1987

## פּיאָנען־לידער

I

געדיכטע שאָטנס לויפן דורך טירן.
דער טאָג אַן אָנגעקליידטער
באַגריסט זיך אין שפּיגל
און וואַרט
די זון זאָל זיך באַווייַזן.

בלומען און חלומות
רייַסן זיך מיט אָנגעשפּיצטע אויערן
צו דעם הילכיקן טומל
פון אָנגעקליבענע רגעס
ווען ביימער ליכטיקן מיט פייגללידער
און רעדער טאַנצן מיט פייַערדיקע אויגן
אויף בולוואַרן
צו די גאָלדענע געטער.

און פּיאָנען בליִען מיט כינעזישע אויגן
אין טעמפּלען פון בודאַ.

שטיל און שעמעוודיק דער פרימאָרגן
אויף אָפּגעוואַשענע שטיינער
מיט היימלאָזע בייַ זייַנע פיס;
און דער „גוטמאָרגן" צווישן בראָכוואַרג
און ליידיקע פלעשלעך בייַם ברעג
פון דרימלענדיקע שיפן
מיט רענצלער חלומות
פון כוואַליעס צעריסן
שווימען
דורך נאַכטיקע שוואַרצאַפּלען.

דער „גוטמאָרגן״ איז געקומען מיט זוניקע פונקען
און זײַדענע זאָקן צו קושן נײַגעבוירענע
פּיאָנען
אין אונדזערע אויגן.

II

די כינעזישע וואַנט פּויקט שרעק
אונטער מײַנע פיס
און בלייכע מיידלער בלײַען
אין דער שטילקייט אַליין.

אַ שוועבענדיקער שמייכל אויף מײַן פּנים
ווען איך פלי נאָענט צום הימל.
גאָטס היים אַרום מיר.
אַ גאָלדענער פּנים פליט אַרום ווי מײַן האַרץ
וואָס לאָזט זיך ניט היילן פון דאַנען ביז עק וועלט.

דאָס פּאַפּיר זינגט מיט ווערטער
ווען איך שרײַב
די אַרויסגעפלויגענע ווערטער
צום געוועלטיקטן
וועמענס שטערן פאַרקײַקלען זיך אין די שויבן,
ווו גאָלדענער אָפּגלאַנץ שײַנט באַקראַנצט
מיט ראָזע פּיאָנען
אין קעניגלעכע באַלאַדן.

דער פאַרחלומטער פאַרנאַכט מיט הימלישע סימנים
און אָנהייב זומער
איז געקומען
מיט אַראָפּגעלאָזענע שעהען
מיט מלאָכים און שאָטנס,
שטערן און פּיאָנען.

גרינע טויבן האָבן ווידער מיר געפירט
פון איין חלום צו אַ צווייטן
ווען דער ווינט איז געפּלויגן
צוריק אין די בערג
צו האַלדזן דעם רעגן־בויגן;
און פּיאָנען זײַנען געוואַקסן
אין דעם זעלבן גאָרטן ווי נעכטן
און געוויינט ווי מעלאַנכאָלישע מיידלעך.

נאָכן רעגן
ווען פּיאָנען האָבן אויפגעהערט וויינען
איז דער טאָג אַראָפּגעפאַלן אין ים אַרײַן
און שטילקייט האָט געדרעמלט צווישן ערד און הימל.
כ'האָב זיך געשפּיגלט אין די בלויע טײַכן
פון אַלע צײַטן און מאַגישע ווערטער פאַרשריבן
די ווערטער פון מײַן האַרץ מײַן גאַנצהאַרציקע ליבשאַפט

ווען פּיאָנען בליִען.

III
אַ פויגל מיט אַ בלעטל אין מויל
פאַרלידערט מיט שורות
געשריבן מיט דײַנע פינגער
בײַם טייכל פון אָוונט.

אַ בלעטל פאַרלידערט
מיט שורות און ציטער
וואָס איז מיר גוט באַקאַנט
אין די שויבן פון רעגן־קאָליר.
פאַרשפּרייטן זאָלסטו
דאָס בלעטל
צען מאָל זיבן

ווי יאָרן.
צעטייל עס ביים יונגן קול
פון זומער
מיט ליבע
בײַ די טײַכן פון בלויע שעהען.

ווערסט וויסן ווו איך בין.
כ׳וועל קומען מיט דעם ריח
פון אַ פּיאָן
פון דעם נאַכטיקן שלאָס
און בליִען אויף דײַן שויס
מיט מײַן רויטן קאַפּריז.

און שעפּטשען דעם וועג צו דיר
ווי דו האָסט מיר צוגעזאָגט
יענעם אינדערפרי
ווען די זון האָט געקיניגט אין מײַנע האָר
מיט שטיקער גאָלד,
אָ, נאָבעלער צוריקקער!

IV

נאַכט נידערט צום ים,
דער נעפּל צו נאַכט;
און בלינדע פיס
וואָס זוכן דעם טאָג.

די נאַכט מיט אויגן אָן קאָליר
דערציילט אים ניט
פונעם טוי אויף איר ליפּ
וואָס זילבערט בלוי
ביז אין דער פרי.

אַ שמייכל אין די רעמלעך
דער דרויסן איז בלוי
די שטערן, גאָט,
לאָז זיי ניט צעטראָטן ווערן
אונטער דעם נעפּלס פּיס.

די נאַכט וואַקלט זיך אין שפּיגלען
דער נעפּל, אַן ענגער שטײַג.
גיס אַרײַן די ליכטיקייט צוריק
אין די אויגן, גאָט,
איידער דער ווינט פאַרנאַרט מיך
אין שוואַרצן וואַלד.

אין שוואַרצן וואַלד סוף־זומערדיקער ווינט —
ברענגט דער ווינטער טויטע בלומען.
דער זומער האָט מיך טיף
אַרײַנגעזויגן אין גרינעם בליק
פאַרפלאַנצט דעם אַלטן גן־עדן פון דער אוראַלטער צײַט
מיט אַ נאַקעטקייט וואָס האָט פיבעריש צעגליט
דעם אַלטן סוד אין מײַנע פינגער.

אין שוואַרצן וואַלד
דער זומער מיט פאַרגליווערטע צייכנס
איז אײַנגעהילט
מיט קאַלט־בלויע פאַרנאַכטן.
מיט בלייכע ליכט, מיט פראָסט פאַרצויגן;
און טויטע בלעטער טאַנצן אַרויס פון זײַנע אויגן
מיט דעם ברוינעם אומעט
פון פּיאָנען פאַרוועלקטע.

שיקאַגאָ, 1987

## פאַרוועלקטע אַלבאָמען

**א**

די אַלטע לאַנדשאַפט איז מער פאַרעלטערט
ווי די זילבערנע אַלבאָמען.
דער שאַרפער רעגן וואַשט איר פּנים
און דער קליינער וואַלד שטייט פאַרלאָרן
אָן סטרונעס
דורכגעווייקט מיט טרערן.
זינגט ניט מער.
אָן די סטרונעס איז דאָס וועלדל אַ באַוויינער.

ווער קען געדענקען די יונגע זומערן?
אַ פאַרטריקנטער שטח פון שטיינער און מיסט
מיט אויפגעריסענע שטיקער ערד
אומלעבעדיק פאַר בלאַסע בלימעלעך וואָס שטאַרבן.
בינען זשומען מער ניט אויף איר האַרץ.
דאָס קיניגן ליגט אַנגעשוואָלן
מיטן אומזיסטן אומעט.

געל ווי די זײַטלעך אַלטע פון מײַנע ביכער
איז די אַלטע לאַנדשאַפט אין די זילבערנע אַלבאָמען.
דער ווינט ווי אַ בייזער גײַסט
פאַרמעסט זיך העזהדיק קעגן איר
ווידערשפעניקט אירע שיינע־זאַפטיקע טרויבן,
די טויבן, די פייגל טאַנצנדיקע
אויף אירע קראַנקע גראָזן.

ווען דער זומער לייגט זיך בײַ מײַן שוועל
מיט דעם ריח פון שטאַרבן און מיט די טויטע פאַרבן
אויף איר פּנים וואָס דער רעגן קען מער ניט היילן —
זע איך איר, דרויסנדיקע מאַמע פון מײַן זכּרון,

בליט אַנדערש אין די פֿײַערן פֿון פֿאַרגייִן
אין די זילבערנע אַלבאַמען.
זיי זינגען ניט מער,
די אַלטע אַלבאַמען מיט זילבערנע זיפּצן.

ב
שטאָט הילכט פֿול
מיט בלוטיקן געלעכטער
פֿון זין און טעכטער
און שאַטנס.
זין און טעכטער
פֿאַרפֿלאַנצן
סילועטן
בענקשאַפֿט אויף שטיגן
און כמאַרעס
אויף אַלטע אַלבאַמען.
זין און טעכטער
טאַנצן ווילד
פֿון סוף ביז סוף
בײַ יענער זײַט טיר,
פֿאַראייביקט
אין ראָזע אַלבאַמען.

נעכט ליגן אײַנגעגראָבן
אין זאַמד
און די טעג
צעטראָטן אין האַרץ —
זין און טעכטער
גרינבלוטיק
ווי פֿאַרוועלקטע סטאַטועס
צעבליטע קנאָספּן
אונטער אַ בלײַענעם הימל.

ג

...און דער וואָס ברענגט דעם טאָג
קילט די בלויע טריט זײַנע
מיט זילבערנעם טוי און ווינטיקע ליפּן
אויף צווײַגן, אויף מויערן,
אין די קאַמערן פֿון פֿאַרחלומטע.

דער טאָג מיט זײַנע לעצטע שטראַלן
שוועבט צו יעדן איינעם
אין די לעבעדיקע קברים
מיט ליכטיקער גוטסקייט, אַנטפּלעקעריש;
שפּראָצט אַרויס פֿון אונטער די פּיס
פֿון ביימער און קווייטן
מיט אותיות און ציפֿערן ווי גאָלדענע מאָנסטערס.

דאָס געראַנגל אַרום אים איז טומלדיק
פֿאַרפֿאַנצערט מיט וואַך
ווען ער אײַלט זיך אין קאַמעראַ אָבסקוראַ
מיט זעלטענע רגעס וואָס גיבן זיך אונטער,
מיט חלומות וואָס בײַטן זיך ווי זײַן באַגינען
מיט אויסטערלישע פֿאַרבן
און מיט זײַן באַשאַפֿער וואָס בלײַבט פֿון אַלע געטער
דער אייביקער אָפּגלאַנץ אין שויבן
אויף די שוימיקע אַקסלען פֿון פֿאַרוועלקטע אַלבאָמען.

ד

זאָקן, שטעקשיכלער איבערגעלאָזענע
אַליין, פֿאַרלאָרן;
אַ פֿאָעמע מיט בענקעניש
וואָס טאָר ניט שטאַרבן,
ווערטער מײַנע ווי געממיתטע טויבן
שוין אויפֿגעהערט פֿליִען.

די באַן ווי אַ לאַנגער חלום האָט זיך אויסגעצויגן
אין דעם טיפן נעפּל און שווערע רענצלעך
ווען די שלאַנג מיטן עפּל איז אַראָפּגעקראָכן
פון טעלעפאָנישן סלופּ
צעפּאַקט זײַן אומרו פאַר דײַנע אויגן,
אויף דײַנע ליפּן.

איצט איז מיר קלאָר די אַראָפּגעשלונגענע מײַלן דײַנע
קוקנדיק אויף די הענגענדיקע זאָקן
ווענענס זײַד איז אַזוי זיס.
בענקעניש איז ניט געשטאָרבן דורך יאָרן.
די פּאָעמע איז פאַרבליבן ווי מײַן אומעט
אין רענצל פאַרפּאַקט.

האָסט געטריבן מיך פון ווײַטע האָריזאָנטן.
שטערן האָבן מיך געצויגן צו דיר
איידער אעראָפּלאַנען האָבן אָנגעהויבן פליִען.
נאָר די פאָטאָגראַפיעס האָבן בלויז
מער בענקעניש פאַרזייט אין מיר
פאַרוועלקטע אימאַזשן אין די אַלבאָמען.

ה

ווען פאַרליבטע אַלבאָמען פירן מלחמה
שרעק זיך ניט פאַרן דונער
וואָס לאָזט זיך הערן פון די הימלען.
שרעק זיך פאַרן שאַרפן בליץ
וואָס פאָלגט אים נאָך
מיט זײַן שווערדישער ליכטיקייט
פון צעריסענע הימלען.

שרעק זיך פֿאַר דער שאַרפֿער שטים
פֿון קאַלטן בליק
ווען די וואָס דו האָסט ליב
זאָגט שוין אַפֿילו ניט: „ניין“.

שרעק זיך פֿאַר די אַלטיטשקע
וואָס זײַנען אַ מאָל געווען יונג;
פֿאַר די פֿאַרגוואַלטיקטע
מיט די אָפּגעריסענע קנעפּלעך.
פֿאַר די הימלען וואָס זײַנען שטום
און בלוי
ווי פֿאַרוועלקטע אַלבאָמען.

ו
זכרון, דו געטרײַע,
כ׳גיי דיר קויפֿן אַ פּאָר גאָלדענע שיך
לבנה־קאָליר
פֿון ליכטיקן באַרג
צו פֿאָרן צום בלויען יאַריד.

די זון פֿאַרויס, אַ שליח,
וועט שײַנען אומגעשטערט.
די נידערן פֿון אונדזער ערד
וועלן קלינגען
מיט גאָלדענע רייד
און דער זומער מיט פֿרייד
וועט זײַן בראָוו און יונג
און דער טײַך —
אַ ליכטיקער שפּיגל אין דײַנע אויגן.
מיר צוויי צום בלויען יאַריד.

פון רײַפֿע בײמער און יונגע גראָזן
אַ שטילער ניגון וועט זיך לייגן
אין די אויערן —
פון דער סאַמע שטילקייט אַ ניגון
מיט אַ מילדקייט געשריבן.

דער זייגער וועט זינגען
פּאָר לבנה־אויפגאַנג
די פּינקטלעכע צײַט פון אונדזער
צוריקקומען.
דער ניגון וועט אַרײַנלויפן אין הויז
מיט גאָלדענע אָפּצאַסן.

כ׳וועל דיר העלפן מיט דײַן קלייד
און גאָלדענע שיך
און טרינקען דעם רויטגעזאַנג
פון דײַנע ליפּן.
דאָס הויז, כ׳שווער,
וועט זיך פאַרוואַנדלען אין גאָלד
און דער פאַרנאַכט — אַ גאָלדענער

און דו ווי אַ ווונדער
וועסט ליגן
צווישן
מיינע ייִנגסטע אַלבאָמען.

ז

אין אײַנגעאָדערטן זכּרון
לעבעדיקער אָטעם אין לידער
פּאַראַיצטיקן ביז אײביקײט
דעם נעכטן און הײַנט
באַקרײנטע שכנים אונדזערע
אומצעטײליקטע אין די סטראָפן און בילדער
מיט די צאָליקע קנײטשן
אין דײנע מײדלשע פּאַרטרויפולע אַלבאָמען.

אין די טונקעלע אַלעען פון דײַנע רויכן
די װערטער אַנטפּלעקן פּאַרטרערטע ניגונים
מיט באַזונדערע װוּנדן
מיט אַ ליבשאַפט װאָס גײט ניט פאַרלאָרן
בלײַבנדיק דער רײַכער גײַסט פון אַנטלאָפענע יאָרן.

זײַ מילד צו מיר, דו זכּרון,
שפּײַז מיך מיט צעװיקלטע שטיקלעך שטערן
פון דײַנע מײדלשע אַלבאָמען:
די זומערן, זונען און די גאָלדענע געװעבן,
איבערלעבענישן און װעבענישן פון אַ ליבע
מיט די כּישוף־רײד פון דײַן יונגן שפּיגל —
יונגלעבן אין מײַנע אויערן, די רויטע ליפּן
װאָס בליִען נאָך.

און דער װאָס הערשט פאַרהילט אין הימל
האָט מיט שטערנשריפט אָנגעצײכנט
אונדזער װוּנדער באַזונדער.
די װערטער װערן סטרוניקע קאַראַװאַנען
פון בלוימאַנטיק ביז סוף װאָר
מיט צאָליקע סודות פון צעבונדענע נעכט
אין דײַנע מײדלשע פאַרטרויפולע אַלבאָמען...

ח

מיר אַלע —
הוידען זיך דאָ צום הימל
אַנטפּלעקן
אַ נײַעם אומרו.

דער אַלטאַר
איז
געבליבן אָן ווערטער
אין דער בלויער ליידיקייט
פון אונדזער ערד.

דערקען און דערזע
זיי שטייען בײַם ברעג
פון יעדן זומער
דערוואָרגענע
מיט קאָלירן —
פּוצן זייער פּנים
אין גאָרטן
פון יאָרן

די מאַסקעס פון אייביקע אַלבאָמען.

ט

נאַכט
ווי אַ שוואַרצער אַלבאָם
האָט געשלונגען
שטערן
ווי שטיקער האָניק.
פײַערפליגן
זײַנען געפלויגן
זיבערער און ווײַטער.

די רעגן־טראָפּנס
די אָפּגעדעקטע
זײַנען געקומען ווי קליינע ווערטער
איצט געבוירענע
געבליבן ליגן אויף די שויבן
ווען די אַנטבלויזטע שעה
האָט זיך געווערגט
מיט אַ זון
וואָס איז פאַרגאַנגען
ניט ווײַט פון די בולוואַרן;

כוואַליעס
האָבן זיך געשטויסן
דאָס פינצטערניש
דורכצושטעכן
ווען איך האָב דאָס בילד
פון דיר
אַראָפּגענומען
מיך איצט צו באַנוגענען.

י

דער ים, די כוואַליעס,
פאַרבלײַבן אין פאַרוועלקטע אַלבאָמען.
אין די שויבן פון דער גרויסער שיף
אַלץ טאַנצט מוראדיק אין די אויגן
אין דעם פּאָקוס
פון צעשפּאָלטענער בלינדשאַפט.

אין מײַן בלויען כאַלאַט קעגן די שויבן
כ׳קען ניט הערן ימס געמורמל אָן אַן איבערזעצונג.
כוואַליעס שורות פון לידער־מאַכערס
פאַנגען מײַנע אויערן און גיבן זיך ניט אונטער.
ימס ווײַסער שוים שפּרינגט העכער און העכער
מיט רוישיקע פּרעטענזיעס
אַז געפאַר איז גאָרניט שפּילעוודיק.

כ׳לאָז אַראָפּ די פאָרהענגלעך באַבלימלטע
הייב אָן ווידער לייענען:
„די לעגענדע פון אָנהייב״
דער געוואַלד־שפּיל ווי וואָגלענדיקע לידער
ווערן פּלוצלונג שטילער, שטילער.

כ

אַלץ איז צעוואָרפן אויף אונדזער בעט:
דו און די אַלבאָמען.
אַ ווײַסער העפט אָנגעזאַפּט מיט טינט
און אַ ליד ווי אַ וויאָלעט.

מאָצאַרטיש צאַרט
פאַרפירן אונדז ווײַט פון צײַט
אין אַ שוועבנדיקן איבערבײַט.
זון, ווי דײַן בלוט
די לעבעדיקע הייסע כוואַליע
מיט גאָלדענע סטרונעס
צווישן אונדזביידן.

ל

האָסט געלאַכט, געלאַכט, געלאַכט,
און לאַכנדיק
דעם טאָג אַרויסגעטריבן.

נאַכט וואָס לאָזט זיך מעסטן בײַ דײַן זייגערל
איז געקומען דורך שויבן, טירן,
מיט פּענעצלעך גאָלד אין דײַנע אויגן
און אַלץ איז געוואָרן חלום,
פאַרדרעמלט.

די זון האָט זיך געוואַלגערט כּעסהדיק־רויט
בײַ די שטאָטישע ברעגן,
בײַ די ווענט פון אויסגעמויערטע שטיינער.
די נאַכט איז געקומען פון אַנדערשוואו
פאַרוויגן דעם טאָג ווי אין די אָנהייב יאָרן.

ווי אין די אַלע זומערן אונדזערע
די זון וועט קרוינען אונדזער דאַך
פאַרנאַטירן ווידער די פאַרכּישופטע פײַערן
וואָס ברוינען דײַנע נאַקעטע פּיס
מיט שטראַלן וואָס צינדן.

מ
אַ רגע ווי פריִער
איז די זון
א
ר
ײַ
נ
ג
ע
פ
אַ
ל
ן
אין וואָלקנס

טונקלקייט
מיט געקלאָגטע פאַרבן
האָבן זיך צעשפּרייט
אין דער מיטאָגיקער ליידיקייט.

די הויט פון די גאַסן
ווי געפּאַלמעסטע גופים
שוואַרצע אַלבאָמען
אונטער דײַנע אויגן
ווען וואָלקנס
האָבן ניט גערעגנט.

נאַכט איז געקומען אַ סך פריִער
מיט צעבראָכענע פאַרבן פון טאָג.

איידער די זון
איז
א
ר
אָ
פּ
ג
ע
פ
אַ
ל
ן
צעבלוטיקט
אין די טײַכן

אין זילבערנע אַלבאָמען —
אומהיימלער.

נ

לידער, בילדער און קרוינבלעטלער
אין דײַנע אַלבאָמען.
כאָטש לידער מײַנע דערמאָנען ניט
דײַן נאָמען, זײַ וויסן,
זיי טראָגן דײַן שיינקייט,
מײַן אייביקע בענקשאַפט.

מיר ווערן אייביק ווי די קינדער אין די טאָלן.
דער וועג צו גאָט איז פון אָנהייב אַן
אַ דרעמל,
דערנאָך — אַ לאַנגער שלאָף
צו חלומען מיט פאַרמאַכטע אויגן.

ער, גאָט,
מאָלט אונדז נאָך דורך אַלע ביימלעך פון אַמאָלן.
די שטיינער דרעמלען ווי נאָענטע שכנים.

דער נעפּל, אַ צווייטער הימל
הענגט פאַררויכערט-גרוי
אין קאַבאַרעטן
און די לבנה אַן אַרכאַישער פּנים
איבער אונדזער עפּלבוים
וואָס וואַקסט איצט האַלב-געבויגן
אַ דאַנק דעם האַרבסט פאַר זײַן קופּערנער וואָג.

די וואָס וועלן זינגען
פאַרשטעל ניט מיט די שלאַנקע פינגער דײַנע
זייערע ליפּן.
דאָס ליד פון ליבע. דער הימל אויף דער ערד.
כ׳וועל קומען מיט צעוואָרפענע פערזן אַ סטײַע
און נעבטיקן אין דײַנע זילבערנע אַלבאָמען.

ס

די זון בריט פעלד און וואַלד און שטאָט,
אונדז ביידע,
וואָס זינקען שפּעטער מידע
ווײַט פון באַגינען
אַרײַנגעהאַמערטע אין באַהעלטענישן.

אונטערערדישע באַנען דורך פינצטערע טונעלן
מיט עלעקטרישע אויגן,
מיט חלומות און טרײַע אַלבאָמען,
מיט אֵימה און פאַרדאַכטן,
מיט שענקען און סאַלאָנען
און געפלאָכטענע בוקעטן —
די נאַכט ווערט אַ בינע פאַר אַלבאָמישע העלדן.

פאַרגייענדיקער טאָג ליגט שווער בײַ דײַנע פיס.
שפּורן פון זײַן הויט הענגען פון וואַנט צו וואַנט
מיט אָנגעצונדענע שילדן, מיט אַ בענקשאַפט און שפּראַך
פון זילבערנע מעסערס.
די פאַרגרימערטע נאַכט מיט די פײַערדיקע אותיות.

בײַ דער לעצטער וואַנט פון דײַן גאַס
אַ גאָלדענער אינדזל, דײַן הויז,
ווי דאָס פנים פון דער לבנה וואָס באַלײַכט
אונדזערע טריט
ווי מײַנע ליפּן דײַנע צאַרטע פינגער.
די ליבע קומט ווידער
און שיילט זיך אַרויס פון דער נאַכט
מיט בלויע ניואַנסן
ווי די בלעטער אין די אַלבאָמען.

שיקאַגאָ, 1987

## אָרלאַנדאָ די שטאָט פון גומענע קינדער

**א**

דאָ, אין דיסנילאַנד, שטאָט פון ליאַלקעס, ליליפּוטלער
און גומענע קינדער:
הייצן די גאַסן מיט אַזאַ ליכטיקע מינע
די אויפגעקנעפּלטע יוגנט דײַנע
מיט די לײַוונטענע הויזן און אויסגעמאָלענע העמדער,
די זומערן אין זייערע אויגן, די סודישע ליפּן
פון די געפאַרבטע ליפּן ברענגענדיק דעם בין־השמשות.

ניט גענאַרטע עראָפּלאַנישע מײַלן
האָב מיך געבראַכט צו דיר, צו וויסן
דעם תּענוג און דרימל דעם זיסן, צו זען דיך
אַזוי כּישופדיק מיט חן־גריבלער, אײַנגעבאַקן
אין דײַן לײַב, הײַנטצײַטיקער חלום
מיט רעלסן פאַרשלייפלט, ביז דעם הימל פאַרריסן
נײַמאָדיש און נײַצײַטיק צעוואַקסן.
אַ צירק צו נעלם ווערן מיט אונדזער קינדערשאַפט
דורך יעדער טיר פון גאָלד און פּערל צו געפינען,
גוטמאָרגנדיק מיט דײַן קלאָרן טאָג וואָס גלאַנצט
אונטער די פיס, חנעוודיק.

סאַלוטירטע גומענע נפשות, סוגעסטיווע נשמהלער,
דאָ אין זונלאַנד פון סאַמעטענע קעץ און מײַז,
סאַזשע־שוואַרצינקע טייוואָלימלער ווי סאָוועס
אָנגעבלאָזענע, סאָלאָווייִשע פּרימאַדאָנעלער
מיט גאָלדענע זוניקע צעפּעלער גלעקלדיקע.

ב

פון וואָלקנס ווי ליכטיקע בעטן,
מיט נעבט אין בלײַענע טעלערס פון הימל,
פון קינדער וואָס פּלאָנטערן אין קינאָ־בילדער
און קושן די שטערן, אין יעדן טײַכל, וואָס פֿאַלן אַראָפּ,
אַראָפּ, אַראָפּ:
אַז מאָרגן וועלן די קינדער די גומענע
און ליליפּוטלער
וועבן אַ נײַעם גילדענעם חלום
מיט סאַקסאָפּאָנען
און טראָמפּייטן
אין רײַען צעשטעלטע,
באַוועלטיקן ווידער מיט זייער זוניקן געלעכטער
די קליינוואַרג ווילדע — —
אָרלאַנדאָ צעפּויקטע!

ג

געקייטלטע בראַסלעטישע טײַכלעך
צוויבערן בײַ מײַנע פֿיס
כ׳באַנעם די געגאַרטע ווײַטקייט
און זייער בלענד,
כאָטש לייג זיך אין דער טיף
און שווים אַוועק מיט דעם חלום אין דײַנע הענט
פון דעם ברעג פון צויבער, ווען דער טאָג
אין אַ זוניקן געשלעג באַרעכטיקט דעם גאָלדענעם וועג
פון זײַן פרײַ,
ווי פון אַ שטײַג געלאָפן:
כאָטש די וועלט איז תּמיד אָפן,
די זון, מײַן פרײַנד, רופט מיך ווידער
מיט אירע לידער. מיר זײַנען פון צײַט צו צײַט — צעשיידט,
שפּאַצירן מיר איצט אין דיסנילאַנד מיט איר געבענטשטער קרוין
צווישן גומענע קינדער און ליליפּוטן, כ׳ווייס ניט זייערע נעמען,

נשמות און פײַער, זײער װאַלדגערױך, נאָר װי פון אַ בױך
מיט לידער דורכגעפּלאָכטן אין די אָדערן און אין די קנאָכן,
מיט פאַרבונדענע קאָלירפולע סטענגעס פון קינדער־יאָרן־װידער
װאָס שרײַבן לידער אין די אױגן מיט נאַכטיקע שטורקאַצן,
די טומלדיקע גאַסן מיט דעם אײַנפאַל פון בעז און בלומען
און הערנער אָנגעצונדענע...
און די בײמער, װי די האַרפן, זינגען אַ געזאַנג צום מאָרגן.

ד

נאַקעטע פּוסטריט און רױטע בלומען
װאָס בלוטיקן װי יונגע מײדלעך
אין דער נאַכט פון יונגע װאָלקנס,
און מיט שטערנציינדלעך אַרײַנגעשטעלטע
צו קענען געניסן דורך די ליפּן די זעטיקײט
פון דעם הונגער פון אַזעלכע פאָרמען און בילדער
װאָס װערן װילד װי די קינדער
בײַ צעקרײצטע װעגן פון אונדזער תּקופֿה,
די לופט און לוסט און די בלױע װאַסערן
װאָס באָדן זיך ערב פאַרטאָג אין גאָטס מויל,
װען די נאַכט אײַלט זיך צו דעם גרױסן לױף
אין דער מיט פון צעבראָסטעטן חלום
מיט דער בענקשאַפט דורך אַנאַנד.
געטער און דיכטערס דערװאַכן מיט געדאַנקען און ביכער,
פאַרשיכּורט פון דײַן כּישוף, פון דײַן בלוי, אָרלאַנדאָ, דו!
די נאַכט ברענגט דעם טאָג דורך צעװוּנקענע שטערן
מײַסטעריש נײַ און אױסגעפּלאָסטערט מיט דעם חלום
פון אױסגעריסענע װעלדער, און טשאַטעס ניט־
אױסגעשלאָפענע פײגל אָנגעטרונקען מיט דײַן געטלעכן
בלױען ליכט שטײען גרײט בײַם שװעל פון מאָרגן
און שענקען װידער ליד און ליכט, אומגעריכט,
װי אין אָנהײב, די רגע פון אַ העכערער דימענסיע
װאָס רופט זיך: גאָט!

## אין מיאַמי ביטש אין פלאָרידאַ

א

זיי זיצן ביי דײַנע ברעגן
ווי די אור־אור־עלטערן זייערע
בײַ די ברעגן פון בבל
פאַריאָמערטע
מיט אָנגעיאָגטער שרעק פון עלטערשאַפט
און מיט וואָר און יאָרן.
פײַנלעך קוקן אויף זיי די ביימער
מיטן קאָליר פון מאָרגנלאַנד;
און פאַרגעלטע פאַלמעביימער
ווי אויסגעקרימטע פיגורן און מיט האָרלאָזע פריזורן
פאַרעלטערטע אויך אין ווײַטן ברעג פון מערב
און זייערע קאָקאָניסלעך מאַלפּעווען פון די ביימער
ווי פאַרדאַרטע בריסט.

אויף דעם זאַמדיקן שליאַך זיצן זיי
מיט אָוונטיקע מחשבות.
די זון איז פאַר זיי איצט אַ סך, אַ סך קילער.
ווען דער טאָג ווערט אײַנגעשרומפּן
אין יענע שטילע שעהען
רײַסן זיך זייערע אויגן צו דײַנע יונגע כוואַליעס
בײַ דײַן ברעג
וואָס ווערן גאָרניט מיד צו פלאַמען ווידער אַנטקעגן
מיט שווימיקע לײַכטנדיקע צינגער
מיט זעלבער צעווילדקייט ווי פריִער.

פאַרנעם זייער שרעק
אין די אַלע נעכט פון אויסגעברענטע קנויטן
ווען שוואַרצע פענצטער עפענען זיך אויף
מיט די לעצטע שפּורן פון זייערע נעכטנס — — — —

## אין ברייטסטן שפּאַן פון דײַן זאַמד׳

ב

פרימאָרגנדיק,
ווען איך שפּרינג אַרײַן אין דײַן בלויען שלאָף
ווערט דײַן נאַקעטקייט מײַן געטראַנק
און מעוועס שלינגען פון די מושלען
ווי פאַרמישפּטע קעסטקינדער.
די פאַרעלטערטע שאָקלען מיט די קעפּ
און די יוגנט לאַכט דערבײַ — — —
און וואָס טיפער איך שווים
צעקוש איך די בלעזלעך פון דײַן מויל
ווי אין אַמאָליקן פאַרכּישופטן ברונעם.

דײַן אויסזען און דײַנע בליקן
גלאַנצן אין זילבערשווים.
כ׳בין דיר דאַנקבאַר פאַר דײַן פרישקייט
און פאַר דײַן רחבות
פאַר די וואָס וועלן קומען נאָך מיר.
טרייסט מיך איצט מיט יום־טוב־רייצונג.
בלעזלעך ווערן ברילײאַנטן אויף מײַנע ליפּן
אַנשטאָט רייד פון אוראַלטע מײַלער.

טאָג נאָך טאָג קום איך צו דיר
צו זילבערן מײַנע צווייפלונגען
מיט אַ זיכערקייט און גלויבן
ווי צו תּשליך —
צו די אָנגעצונדענע שטראַלן
אין ברייטסטן שפּאַן פון דײַן זאַמד,
צו דײַן סימפאָניע פון מעלאַנכאָלישן רויש.

## דורכגעגעלטע לבנות

ג

דײַן ברייט דערפרייט.
כוואַליעס
ווי ווײַסע שפּיצן
אונטער דײַן קלייד
בײַם ברעג
שוועסטערלעך אויסגעשטריקט
אין זילבער און גאָלד
מיט די קושן פון דײַן מויל
וואָס שוימט.

אומגעשטילטער ווינט, ווי אַ פּאַסטער,
טרײַבט די כוואַליעס ווי שאָף
קאַפּריזנע
צום אײַליקן סוף.
ס׳אַראַ ווילדער גאַלאָפּ
ווען דער טאָג פּאַלט אַראָפּ זאַט מיט זון
פון אומעטום
פאַרטרוימט אין דײַן משוגענעם צויבער.
די פּאַלמעס וואַרפן אַראָפּ פון זיך
קאָקוסניס
ווי דורכגעגעלטע לבנות.

## בײַ די ברעגן

ד

אַ לײַכטזיניקער טאָג מיט זומערדיקע ווינטן
מיט גלאַנציקע שטײנדלעך
מיט כוואַליעס געטרײַ און אינטים
און רוישיק מיט פֿייגל־ליאַרעם.

און שיפֿלעך וואָס זעגלען פֿאַרבײַ
אין דער העלער בלויער רחבות פֿון ים
מיט אײַנגעשפּאַרטקייט
און ווילדן ווינט
מיט ברייטע ווײַטקייטן
און הויכע זילבערנע קולות
מיט גאָלדענע לאַנגע פֿינגער
וואָס שטיפֿן אין לײַכטזיניקן טאָג
שעהען נאָך אַנאַנד ביזן פֿאַרנאַכט אַרײַן
וואָס זוכן אונטערוואַסער־קעניגרייכן
מיט פֿאַנטאַסטישע קאָראַלן
וווּ מושלען ווי מיידלעך
שפּילן זיך מיט וואַסער און כוואַליעס.

קיינער איז ניט איינזאַם
ווי אַ פּאָעט בײַם אַטלאַנטישן אָקעאַן;
און קיינער איז ניט אַזוי וווּנדערבאַר
ווי די מעוועס
צווישן טרויעריקע זקנים
אין מיאַמי ביטש אין פֿלאָרידאַ.

## װוּנדערס װאָס װילן ניט שטאַרבן

**ה**

אַ ברױנע קאָליר פֿאַרמאָגט מײַן לײַב
און דער טאָג בלאָנד איז.
אונטער אַ שטרויענעם שירעם, מײַן װײַב,
בענקט נאָך דעם גן־עדן, עפּל און שלאַנג
בײַ דעם ברעג פֿון שאַרפֿע קאָנטורן
און מאָלט מיך שמײכלדיק, גלוסטנדיק — —

אויבן און אונטן — די זון אין די אויגן.
די צײַט פֿליט אין ים אַרײַן.
די פֿאַרבן באַצירן די בענקשאַפֿט
צו יענע אור־ערשטע אַמורן.

די בײַכיקע כװאַליעס װי באַרשטן
פֿאַרשמירן דעם טאָג אין פֿאַרטאַיעטע זאַמדן
אין צופֿעליקע געשטאַלטן
װאָס װילן ניט שטאַרבן:
דער גאָלדענער אומעט,
דער קילער זאַמד,
דער מיסטישער ים,
װען מערבֿ־זון לייגט זיך בײַ די ברעגן.

# אין דער טיפעניש פון בלויע שטימען

ו

פיש רײַסן זיך צו מײַנע אויגן
ווי איך וואָלט ליכט געבראַכט אין ים־גראָז
מיט בלוטיקע שופּן.
אַ פלאַנץ גלעט מײַן רוקנבויגן
ווי מיט מיידלשע פינגער.
די שפּילנדיקע כוואַליעס ווי ווילדע כאָרן
מיט צעמאָלענע קולות
קנוילן זיך ריטמיש מיט בלוי־קאָלירן
ווי נעכטן, ווי מאָרגן, ווי אַלע מאָל.

און קיינער איז נאָך ניט געווען אַזוי אינטים
ווי די רוישיקע שטימען פון יונגע כוואַליעס
וואָס וואַרפן זיך אין דײַנע אָרעמס,
אין דײַנע אויגן,
אין דײַנע נעגל און ציינער
ווי דו וואָלטסט געווען איינציקער און איינער
וואָס ווייסט דעם אמת פון געבאָרן ווערן
און שטאַרבן
ווען דער ים איז געוואָרן ערד
און די כוואַליעס
יאָמערנדיקע כּלהס.

אַ הויכע כוואַליע האָט מיך מיטגעשלעפּט
אַרײַנגעוואָרפן מיך אין דער טיפעניש
פון בלויע שטימען.
מײַן נײַגער, מיט שטאַרקע מוסקולן,
און פלינקע אָרעמס צו די פישיקע גרונטן
וואָס שווימען סטאַדעסווײַז נײַגעריקער
אַרום מײַנע אויערן.

## וואַסערדיקע ליכטיקייט

ז

אין דער לענג און אין דער ברייט
בין איך געשווומען און געשלונגען
די זילבערנע פרייד פון ים־פּרײַ.
די הויט פון ים מיט די גרינע
וואַסערדיקע ליכטיקייט האָט זיך פּאַרטונקלט
אין די נידעריקסטע גרונטן אין האַרץ פון ים;
און פיש אין צאַפּלדיקן טאַנץ האָבן מײַנע אָרעמס
אַרומגענומען.

ווען דער ווינט איז געקומען
איבער אַלע טיפן און הייכן
מיט אַן אָפן מויל
איז אַלץ רוישיקער און פלינקער געוואָרן.
ווי אַ נײַע געליבטע, דער ים, איבער דײַן לײַב
און אין יעדן צעל דערפילט
יונגע באַגערן
אומפאַרמײַדלעכע נאָענטשאַפט.
וואָס רוישיקער, אַלץ מעכטיקער די טונקעלע געוועבן,
די ווײַסע פליגל און בלויע פלאַמען
צווישן ערד און הימל זיך באַהעפט,
געקײַקלט זיך אין זײַן וויגל.

ווען די נאַכט איז געקומען נידעריקער צו מײַנע קני
האָבן געטרײַע שטערן באַלויכטן דעם ימיקן שפּיגל.

## מעוועס און פיש

**ח**

דאָס האָב איך געזאָגט צו מײַן לײַב, צו מײַן הויט:
לאָמיר נאַקעט אַרײַנשפּרינגען אין טיפן ים
פון בלויען רויש.
אפשר וועט ווערן לײַכטער
דער גרויסער פּײַן אין מיר.

דער ים וויל גאָרנישט פון מיר:
מײַן אַנטבלויזונג,
מײַנע ווערטער, מײַנע רייד —
מײַן פאַרמעסט איז אים פרעמד.

די כוואַליעס ווי ליכטער אין מײַנע אויגן
פרוּוון דערהייבן די היימישע פרייד
פון פיש, פון צעפליגלטע מעוועס
אין מײַלנדיקן פלאַטער מיט אָפענע שנאָבלען
געליבט און פאַרליבט.

העכער און שטאַרקער די ליבע אַרום
וואָס פאַרגרעסערט די געפאַרן.
איר הערשאַפט צערײַסט דעם ריינעם אָטעם
פון גאָלדענע פיש
אין יענע שעהען מיט בלויער שרעק
ווען אַ מעכטיקע האַנט נידערט אַראָפּ
איבער זייער קאָפּ, די כמאַרע,
און איך וואַלגער זיך אַ צעשראָקענער אַצינד
אין די אָפענע גריבער פון מורא.

לויף איך אויף ס׳נײַ צוריק צום ברעג
טויטלעך מיד; און זע די מעוועס, די מעוועס, די מעוועס
מיט בלוטיקע פיש אין די שנאָבלען
צווישן זון און ליד.
דער זאַמד זינגט נאַקעט־הייס
אונטער די פוסטריט די געגאַרטע אינטימע סטראָפן
באַשפּרינקלט מיט גאָלד
און מיט צעריסענע פלוספעדערן.

## „אַדיע"

ט

ווען כ'האָב הײַנט, דעם לעצטן טאָג,
מיין „אַדיע" צום גרויסן ים
אויסגעשריִען
האָט דער ווינט געטאַנצט אין מײַנע אויערן,
מיט גאָלד האָט געלאַכט דער זאַמד —
און משה לייב, ווילדער משה לייב
פון „קאָני איילענד",
האָט מיך ווידער באַגריסט דערבײַ.

קליינע וואָלקנדלעך ווי זעגלען
האָבן געפלאַטערט אין גינגעליס האָר.
די מעוועס מיט שוואַרצע פליגלען,
בלייכע גײַסטער, ווײי אונדז און ווינד,
האָבן מיך אָנגעקוקט ווי אַ מאָל.

דער ים האָט גערוישט מיט לידער,
און מיט געלע גיטאַרעס געוועקט די ליבשאַפט
צו מיינע געטער־פּאָעטן פון דעם נעכטן
און אייערנעכטן — זיי דערקענט ווידער
אין אייביקן אומרו פון גרויסן ים.

איצט צוריק אין טומאַנען פון אונדזער שטילקייט
מיט גאָלער איינזאַמקייט אויף די זאַמדיקע ברעגן
וויינט מײַן געטרײַשאַפט ווי אַ פאַרליבטער,
פון האַרץ, מיט בליקן צום הימל —
ווי אַ טאָג וואָס האָט זיך לאַנג געענדיקט.

## אינהאַלט



## שאָטנדיקע געטער



## דואַלעט

## צום ווײַטן ערגעץ



## פֿאַרוועלקטע אַלבאָמען



## דורכגעגעלטע לבנות

דאָס לידערבוך **שטאָלענער אוניווערס** איז געוואָרן צוגעגרייט דורך זײַן מחבר — שלמה שוואַרץ, אָבער דער דיכטער האָט נישט באַוויזן צו זען זײַן בוך אָפּגעדרוקט: ער איז געשטאָרבן דעם 20סטן מאַרץ 1988 אין שיקאַגאָ, פאַראייניקטע שטאַטן.

שלמה שוואַרץ איז געבוירן געוואָרן אין קאָברין, פּוילן, אין יאָר 1907. אין 1920 איז ער געקומען קיין אַמעריקע. ער איז געווען אַ שטענדיקער תּושב פון שיקאַגאָ.

אין פריִען עלטער האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער. זיי זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין די וויכטיקסטע ליטעראַרישע זשורנאַלן און ער איז געוואָרן באַקאַנט ווי איינער פון די מאָדערנסטע ייִדישע דיכטער.

אין ייִדיש זענען זײַנע ווערק אַרויס אין 6 בענדער. **שטאָלענער אוניווערס** איז דאָס 7טע בוך. אונטערן נאָמען **סעלווין** האָט שלמה שוואַרץ אויך אַרויסגעגעבן אין ענגליש 5 ביכער פון זײַנע לידער.

## ביכער פון זעלבן מחבר:

ייִדיש:

| | |
|---|---|
| בלוימאָנטיק — | 1938 |
| אַמעריקע — | 1940 |
| גאָלדענער גלות — | 1971 |
| ווינדן און ווינדער — | 1975 |
| בראָנדזענער מבול — | 1981 |
| האַרבסטיקער פּײַער | 1984* |

ענגליש:

The Poet in Blue Minor
Passages of Refuge
Preface to Maturity
Letters to My Unborn Son
Horn in the Dust

* באַקומען דעם ליטעראַטור־פּרײַז א״נ פערנאַנדאָ יענאָ בײַם איזראַעליטישן צענטראַל־קאָמיטעט אין מעקסיקאָ, 1986.